№ 2. א. קאטיק'ס אויסגאבען.



וויסענשאפטליכע פאלקס ביכער.

# ערצאהלונגען וועגען ווילדע מענשען

פערפאסט פון קאראבטשעווסקי

איבערזעצט דורך
א. ברעסלער.

צווייטע אויסגאבע

וואַרשא
בדפוס האלטער ואייזענשטאדט, נאלעווקי 7.
שנת תרנ"ח לפ"ק

# ЭРЦЕЛЕНГЕНЪ ВЕГЕНЪ ВИЛДЕ МЕНШЕНЪ

т. е. Разсказы про дикаго человѣка.

Соч. КОРОБЧЕВСКАГО

Перевелъ съ русскаго А. Бреслеръ.

Второе изданіе
А. Котика.

ВАРШАВА
Типографія М. И. Гальтера и М. Айзенштадта, Налевки № 7
1898.



# ווילדע יאגעם

## I.

### אייגענע אונ פרעמדע מענשען.

וועלבער מענש האט אין זיין לעבען ניט געזעהן פערשידענע סארטען מענשען? אפילו אין א קליין שטאדטל טרעפט אויך זעהר אפט אז עס פאהרען דורך ציגיינער — פערדס סוחרים, פויערן פון דארף ברייגנגען תבואה אין מארק אריין; אמאל געהט דורך א „וועגנער" מיט א גרויסען קארב גאלאנטעריא סחורה; עס טרעפט אז דער פריץ פון שטאדטל איז א דייטש, דער עקאנאם זיינער א פראנצויז אונ דעם וואלד וואס געפינט זיך נעבען שטאדט האט געקויפט א ענגלאנדער.

דעם פרעמדען מענשען ערקענען מיר אי דורכ'ן געזיכט אי דורך דיא קליידער זיינע: דער ציגאנער איז שטענדיג שווארץ-ברוין מיט געקרייזעלטע האאר אונ געקליידעט וויא א רוססע. דער פויער איז אויך א ביסל שווארץ, נאר דאס געזיכט איז גאר עפעס א אנדערע אונ געקליידעט אויך אנדערש. דער וועגנער האט אויך שטענדיג א פארברענט פנים מיט שווארצע האר, פון דעסטוועגען איז ער פארט ניט געראטען, ניט אין ציגאנער אונ ניט אין פויער אפילו דיא רוססיש וואס ער רעדט איז אויך גאר וויא א אנדער שפראך. אין אנדערע ערטער טרעפט מען נאך מעהר פרעמדע אונ אונבעקאנטע מענשען: טאטארען, ארמיאנער, גרעקען א. ז. וו. א טאטאר דערקענט מען באלד אן דיא געגאלטע קאפף אויף וועלבע ער טראגט א יארמאלקע, אן דער קרומער נאז אונ זיין געלען חאלאט. א ארמיאנער אונ א גרעק ווען זייא טראגען ניט זייערע קליידער קען מען ניט באלד דערקענען, נאר אז מען זאלל צוזאמען וואהנען מיט זייא א געשטימטע צייט וואלט מען געוואוסט וויא ערקענען זייא אי אין געזיכט, אי אין

דער-שפראך אונ אין נאך אנדערע סימנים. — אין א גרויסער שטאדט וואו דער מסחר איז פארשפרייט, קומען א הין פיעל פערשידענע מענשען פון פערשידענע קאנטען אונ מען קען אמאל זעהן א חינעזער, א געלער מיט קליינע קרומע אויגלאך, אהן וואנסעס, מיט הויכע ווייכע פאראשוועס. דארט קען זיך אמאל פאפאדען א טערק, — א שווארץ האאריגער נאר ניט קיין שווארץ געזיכט אין א טשאלמע, אין א קורטקע [1]) אין ברייטע הויזען אונ א חאלאט פון אויבען. מען טרעפט אמאל א נעגער שווארץ וויא סמאלע אונ האאר וויא שווארצע וואלל. געוועהנליך, דיא מענשען וואס זענען ניט גלייך צוא אונז, ניט מיט'ן געזיכט, נים מיט דער שפראך אונ נים מיט דיא קליידער, קען מען לייכט דערקענען אז זייא זענען פרעמדע, נאר מיר דערקענען אפילו א דייטש, אפילו א ענגלאנדער אונ נים דווקא קריסטען נאר אויך יודען אונ אפילו די וואס האבען כמעט דעם זעלבען געזיכט וויא מיר, וויא מען זאגט: „עס ליגט זייא דער יוד אויפ'ן פנים", מיר האבען שוין אונזערע סימנים מיט וועלכע מיר דערקענען דעם חלוק פון איינעם ביז'ן צווייטען, נאך מעהר אפילו רוסישע יודען אליין זיינען אויך ניט גלייך איינע צוא דיא אנדערע אונ מיר קענען אונטערשיידען ניט נאר א ליטוואק פון א וואהלינער, נאר וועלכע מענשען בערקענען צווישען ליטוואקעס גופא אז דער איז א ווילנער אונ דער א מינסקער. א בריסקער אונ א ביאליסטאקער זענען אזוי וויא צוויא פערשידענע סארטען מענשען.

יא! זעהר פיעל פערשידענע סארטען מענשען פון פערשידענע נאראדען וואס געפינען זיך אויף דער וועלט, קומט פאר צו זעהן יעדען, אפילו דער וואס האט א היימישע פרנסה אונ פאהרט נים ארוים קיין ד' אמות פון שטאדט. ווער רעדט דער וואס רייזט אין פערשידענע לאנדער, דער דאכט זיך האט שוין געוויס געזעהן אללע סארטען מענשען. נאר אויף דער וועלט לעבען נאך א סך מעהר מענשען, וועלכע מיר האבען קיינמאל נים געזעהן אונ וועגען וועלכע מיר האבען כמעט גאר נים געהערט. ווען עס איז שוין יא פארגעקומען עפעס צו הערען איז אלץ אזעלכע

[1]) א סארט אינזערע קליינע פעלצלאך. איבערז.

באבע-מעשיות: אט, דארט אין דיא ווייטע ארטער וואנען דא מענשען מיט הינטישע קאפף אדער מיט אויערן ביז דיא ערד און מענשען מיט ווידלען; דאס דארף מען אבער ניט גלויבען, אויף דער וועלט לעבען מענשען מיט פערשידענע קאלארען, אי ווייסע, אי געלע, אי דונקעל-ברוינע אי שווארצליכע, נאר זיא וועגען אללע אזעלכע מענשען וויא מיר.

II.

## דער חלוק צווישען מענשען.

דער חלוק צווישען מענשען קומט ארויס פון דעם, וואס זייערע זיידעס האבען געוואהנט אין פערשידענע ארטער און צו יעדער ארט האט מען געמוזט זיך צופאססען. מקומו של אדם והו מולו, אין וואס פיר א ארט דער מענש וואהנט א זא לעבען איז ער גענאטה צו פיהרען.

איינינע איז אויסגעקומען וואהנען אין וואלד און לעבען פון פאלעוואניע (יאגעריי) אויף טהירען (חיות) אדער פאגעל. צו דעם איז אויסגעקומען אויסנעהן וויפיעל מאל פיעל ווארסט, אויסזוכען דיא ווילדפרעט (ציד, дичь), וויסען וואו זיא בעהאלט זיך, אויס-שיקעווען הרגנן מיט איין שאס און ניט מאכען קיין פעהלער, אום ניכט פארלירען אומזיסט א פייל אדער א קויל וועלכען צו בעקומען איז זעהר שווער אנגעקומען. אזא יאגער קען מען אריינפיהרען אין גרעסטען געדיכטען וואלד, וועט ער ניט פאר-בלאנדזשען. ער וועט שטענדיג געפינען א וועג, נאך דער זון, נאך דעם שאקלען פון דיא ביימער, נאך דיא טריט פון דיא חיות, דורך וועלכע א אנדערער געהענדיג אויפ'ן זעלבען ארט, וועט גאר ניט בעמערקען אז דא זענען ווען געגאנגען טהירען. ווען דער יאגער איז נאך אין וואלד און עס איז געווארען נאכט איז אויך ניט קיין סכנה, ער איז שוין געוואהנט צו דעם און זוכט אויס א טרוקען ארט וואו ער זאלל זיך קענען לייגען, אדער ער קריכט ארויף אויף א בוים און נאכטיגט איבער. אין נאהנטען וואלד וואו ער קומט אפט, קען ער יעדעם בוים'ל, יעדע קנאספע, ער ווייס

יעדעס מאל וואס איז יעצט אם בעסטען צו זעהען אונ ער האט פון ביקס מעהר חיונה וויא ער זאלל זיך געהן יעצט פארנעהמען מיט דעי סאבע וועלכע ער איז ניט געוואהנט.

ווען עס איז אויסגעקוממען וואהגען נעבען א ברעג טייך אזערע אדער ביים ברעג ים, דער האט זיך צוגעוואהנט צום וואססער אונ גוט אויסגעלערנט חאפען פיש; אין וואס פיר א וועטטער עס איז, וועט ער אלץ קענען איבפראווען זיך מיט דער לאדקע; ער ווייס פריהער ווען עס וועט איהם נאך לייכטער וויא אללע מאל ארייגפאללען אין געטין מעהר פיש וויא שטענדיג אונ ווייס וויא פארהיטען אז זייא זאללען ניט געהן אין ניוועטש, ער קען אי זאלצען אי וועינדלען (רויכערן) אי טריקענען.

ווער עס לעבט פון דער ערד, דער האט שוין בירושה פון דיא עלטערן בעקוממען דיא אללע ידיעות וואס מען ברויך צו דעם: וויא אויסקלייבען א זא ערד וואס איז מסוגל צו תבואה, וויא בעארבייטען זיא ווען זייען. ווען שניידען אונ אויפקלייבען פון פעלד, וויא דאס טריקענען אונ היטען ביז דיא צווייטע זריעה.

מיר זעהען ביי אונז אז יעדער פויער קען גוט דיא נאטור פון זיין שטיקל ערד אונ ווייס וויא בעגעהן זיך ארום איהר. נאר דער פויער איז וויא מען זאגט, נאר אויף זיין באנק'ל א מאבער, ביי איהם אין דארף ווייס ער וויא צוא פיהרען, אבער אז ער פאלט אריין אין שטאדט פיהלט ער, אז דארט זענען דיא מענשען, הגם ניט קליגער, אבער פלינקער שפיטציגער. א שטאדטיגער איז שוין גאר ניט דער אייגענער וואס א דארפישער; ער זאלל קריגען ארבעט, ער זאלל געפאללען דעם פרינציפאל אונ ווען ער ארבעט אדער האנדעלט פאר זיך — דעם קונה, מוז ער געהן ריינער אונ שאנער אנגעטהון, אויך לעבען אנדערש. דעריבער, א ישובניק אדער א קליין שטאדטל'דיגער ווען ער וואהנט אין א גרויסער שטאדט. ווערט ער, מיט דער צייט, גאר ניט עהנליך אויף זיינע אלטע חברים וועלכע זענען געבליבען זיטצען אין זיין געבורטס-ארט.

דאס וואס מיר זעהען ביי אונז, איז דאס זעלבע אויף דער גאנצער גאטטעס וועלט. נאנץ לאנג, גאר אמאל אין ווייטען

עלטער האבען מענשען זיך צושפרייט אונ בעזעצט איבער דער וועלט אונ עס איז זייא אויסגעקומען לעבען אין פערשידענע ארטער – איינע, אין קאלטע וואו דיא ערד נעהמט אפ גאר צוויא מאנאטען אין יאהר – אנדערע, אין הייסע וואו סטערינאווע ליכט צוגעהען אויף דער זונן, אונ ענטוועדער עס נעהמט אוועק א לאנגע צייט גאר אהן רעגען אדער עס גיסט מיט א מאל אויס א רעגען וויא א מבול, ווילבער פארגיסט אללעס וואס געפינט זיך ארום. דעריבער, דיא איינוואהנער פון דיא קאלטע קאנטען זענען בכמעט א גאנץ יאהר איינגעוויקעלט אין צוזאמענגענאהטע צוויא פעל, אונ דיא איינוואהנער פון דיא ווארימע קאנטען געהען נאקעט וויא אדם הראשון. אונ מיר אונ מענשען וואס זענען פאבאשווע (עהנליך אויף אונז, וואהנען אין א זעלבע ארטער וואו אין יאהר איז א העלפט ווינטער אונ א העלפט זומער אונ וואו עס איז דא גענוג רעגען. דערפאר אבער קענען א סך געוויקסע ניט וואקסען אין אונזערע קאנטען.

מיר ווייסען שוין: ווען מיר בעגעגענען א מענש וואס איז פאבאשווע אויף אונז, בעווייזט דאס אז ער וואהנט אין דיא ארטער וואס זענען גלייך צו אונזערע אונ דיא ארטער וואו עס איז א סך הייסער אדער א סך קאלטער וויא ביי אונז זענען ניט אזוינע ארטער וויא אונזערע אונ מענשען זענען דארטען אויך אנדערע.

III.

## געבילדעטע אונ ווילדע מענשען.

דער לעבען פון דעם מענשען איז ניט אומעדום גלייך, אין פערשידענע קאנטען איז פערשידען דער לעבען ניגער. אין דיא קאלטע קאנטען קומט איהם אויס שטענדיג נאר בארען (ראנגלען) זיך מיט דיא שטארקסטע שונאים פון מענש: הונגער אונ קאלט. קיין תבואה וואקסט דארט ניט, אין דיא וואלדער געפינט זיך ניט קיין שום עסענווארג אויסער שוואמען אונ יאגדעס אונ דער מענש איז גענייט לעבען פון פאליעוואניע (יאגד) אונ פיש חאפען. אין קורצען: ווסטער ברויך ער אנגרייטען שפייז אויף א גאנץ יאהר,

דאן קען ער זיך ניט פארנעהמען מיט קיין אנדער זאך אויסער מיט'ן מאכען דעם זאפאס, אונ ווינטער גייט איהם דער שטארקער פראסט וארגען נאר וועגען דעם, ער זאלל ניט דערפרארען ווערען. אין דיא הייסע קאנטען, פארקעהרט, וואקסט יעדע זאך א סך אונ אלי'ן אלליין פון זיך זעלבסט אונ דער מענש זאטטיגט זיך אן מיט ווינציגער שפייז וויא אין דיא קאלטע ארטער. דארט מיט דיא אויבס פון עטליכע בוימער קען דער מענש אפלעבען א רונדען יאהר. דערפאר אבער איז ער ניט געוואהנט צוא קיין ארבייט, ער ווערט אזוי פויל אז דיא גרינגסטע ארבייט איז ביי איהם שווער. נאר אין דיא ארטער וואו דעם מענש קומט אויס ארבייטען אונ אז ער שפייזט זיך פון זיין ארבייט, אז ער האט נאך לידיגע צייט אויך, קענען מענשען ארומקוקען, בעטראכטען אללעס וואס געפינט זיך ארום זייא, קלערען וועגען דעם, וויא אזוי מען זאלל קענען מאכען אז דאס לעבען פון מענש זאלל ווערען גרינגער אונ בעקוועמער. דאס וואס זייא האבען בעקלערט איז איבערגעגאנגען פון דיא עלטערן צוא דיא קינדער, דער יונגער דור האט נאך צוגעגעבען צוא דעם וואס מען האט שוין געוואוסט פון דיא אלטע, אונ אזוי איז ביסליכווייז, לאנגזאם ארויסגעקומען דאס וואס הייסט בילדונג (ציוויליזאציא).

נאר ניט אללע פאלקער האבען געקענט דערגרייכען צוא בילדונג, צוא דעם האט מען געברויכט לעבען אין דיא קאנטען וואו עס איז דא פלאכע טהירען וועלכע מען קען צוגעוואהנען צו זיך אונ נוטצליכע געוויקסע וועלכע מען קען זייען. דאס איז נאך אויך ווינציג, מען האט נאך געברויכט אז אין דיא קאנטען זאלל מען קענען געפינען דיא מעטאללען קופפער אונ אייזען אונ מען זאלל פון דאנען קענען גרינג אריינקומען אין אנדערע געבילדעטע ארטער א סך פאלקער האבען ניט געקענט פארפיהרען ביי זיך נוטצליכע טהירען אונ געוויקסען, פראסט, ווייל זייא האבען ניט געהאט וואו נעהמען אזוינס אונ האבען געוואהנט זעהר ווייט פון דיא געבילדעטע פאלקער וואס זייא זאללען קענען פון זייא זיך אויס-לערנען נוטצליכע וויסענשאפט אונ נוטצליכע מלאכות. אללע פאלקער זיינען געגאנגען איין וועג: אויסלערנען זיך ביסלי-

ווייס וויא פארבעסערן דאס לעבען. איינע זענען אוועק ווייט אין דעם וועג, דיא צווייטע האבען זיך אפגעשטעלט אין מיטטען, אונ דיא דריטטע זענען געבליבען שטעהן באלד אין אנהויב וועג. אט דיא לעצטע, וועלכע קענען ניט, ניט סטרויען פיר זיך הייזער פון שטיינער אדער פון ציגעל, ניט בענוטצען זיך מיט אייזען אונ ניט שרייבען, רופט מען: „ווילדע פעלקער".

נאר מיינט ניט אז דער ווילדער מענש איז גאר ניט פאכאזשע (עהנליך) צוא אונז נור איבערהויפט צוא דיא ווילדע טהירען, ווייל ער איז שטענדיג נע ונד, האט ניט קיין בעשטימטע וואהנונג. פאלט אייף יעדען אן, עסט ראהע פלייש א. ז. וו. גיין! ער איז דערזעלבער וואס עס זיינען געוועזען אמאל אין ווייטען פערגאנגענ-הייט אונזערע זיידעס, אונ זאלל דאס אונז גאר צוא קיין גנאי ניט זיין, וועלכע מיר אליין וואלטען געוועזען דיאזעלבע, ווען אונזערע זיידעס זאללען זיך דארט באזעצען אונ מיר וואלטען עד היום געוואהנט אין דיא ארטער וואו ער וואהנט.

אין אמת'ן געערדט דארף מען איהם גאר ניט רופען „ווילדער", ריכטיגער וועט זיין אז מען זאלל איהם רופען „פראסטער מענש", ווייל דער לעבען זיינער איז ניט אזוי ווילד וויא פראסט, א סך פראסטער וויא אונזער לעבען.

~~~~~~

## IV.

## ווילדע אין פערשידענע קאנטען.

עס איז געוועזען א צייט וואס אפילו אין אייראפא איז געוועזען בלויז ווילדע מענשען, וויא האבען געוואהנט אין האהלען (מערות), געלעבט נאר פון יאגד אונ דאס נא־ציע געוועהר זייערע איז בע-שטאנען אין א שפיז, א בויגען אונ א שטיינערנע האק. מיר ווייסען דאס פון דעם, וואס אין פיעל ערטער אין אייראפא, ווען מען גראבט דיא האהלען געפינט מען מענשליכע שארבענס אונ צוזאמ-מען מיט דעם שטיינערנע געוועהר. נאר דיא צייט איז שוין לאנג אוועק. אין אייראפא געפינט זיך שוין ניט קיין ווילדע. דען אפילו
~~~~~~

דיא סאמאיעדען [1] הייסען שוין ניט קיין אמת'ע ווילדע. נאר אין דיא איבעריגע טהיילען פון דער וועלט געפינט זיך נאך יעצט אויך אזעלכע מענשען וויא אמאל אין ווייטען עלטער זענען אללע געוועזען. אין אזיען, ווייט אראפ אין צפון ווייט אין סיביר, אין דער גאנצער לייגג פון דעם אסט-אופער (מזרח ברעג) אונ אין זיד (דרום), אין איינינע ווייטע ערטער אין אינדיא געפינען זיך ווילדע. דיא ווילדע פון נארד (צפון) אזיען זיינען ענהליך צוא אונזערע סאמאיעדען; זייא האבען אויך אזעלכע געלע פלאטשיגע פנים'ער, וואנדערן ארום מיט זייערע העררשען אונ פערבעהאלטען זיך אין פאלאטקעס פון הירשען פעל. דיא ווילדע פון דיא אינדישע בארג, זיינען שווארץ-לייביגע אונ קורץ געוואוקסיגע. זייא פארנעהמען זיך מיט פאלא-וואניע, פיה פאשען אדער מיט ערד ארבייט, עס וועגט זיך אין וואס פיר א ארט זייא וואהנען. אין דיא אינזלען וואס געפינען זיך אין דער לייגג פון אסט ברעג אזיען, געפינט זיך נאך מעהר שווארץ לייביגע אונ קורץ געוואוקסיגע מענשען, וועלכע געהען כמעט נאקעט.

פון אסט אזיען איבער'ן גאנצען ים הגדול (тихій океанъ) ביז דיא ברעגעס פון אמעריקא זענען צושפרייט גרויסע אונ קליינע אינזלען. דער גרעסטער פון אללע אינזלען, אווסטראליען, אדער וויא אנדערע רופען דאס, נייא האללאנד, רעכענט זיך דער פינפטער מאטעריק (דער פינפטער טהייל פון יבשה פון דער וועלט. דארט איז בעזעסען מיט שווארצע מענשען וועלכע זענען דיא ווילדסטע פון אללע; זייא האבען קיינמאל ניט געהאט דיא טהירען וועלכע מען קען צוגעוואהנען צוא זיך אונ הגם זייא האבען דיא ווילדע זשילעס (קרייטער) אדער תבואה געוויקסע האבען זייא נור אויפ-געקליבען דיא פון זיך זעלבסט געוואקסענע קערנער, אבער ניט פערשטאנען דיא וועררע פון זייא אונ ניט געקלערט וועגען דעם דעריבער איז זייא ניט איינגעפאלען לערנען זיך זייען.

עטליכע אינזלען ווייטער פון אווסטראליען, וואהנען פאפואסען,

---

[1]) א פאלק וועלכער געפינט זיך אין ארכאנגעלסקי גובערניע אונ אין איינינע ערטער אין סיביר, שטילע מענשען, זענען קריסטען אונ גאטצענדינער, איבערזעסצער.

שוואַרצע מענשען-נאָר אַ אַנדער סאָרט וויא דיא אויסטראַליצעס. הויך געוואוקסינע מיט געדיכטע געקרייזעלטע האָאר און געשיקטער. פעהיגער פיר זייא. דיא איבריגע אינזעלען פון שטילען מעער (ים הגדול) זענען בעזעצט מיט מאַלייצעס ¹) וועלכע שטאַמען אַליין פון נאָרד (צפון) אַזיען פון וואַנען זייערע זיידעס זענען נאָך נאָר אַמאָל אַוועק און האָבען זיך בעזעצט אין דיא אינזעלען. נאָר זייא זענען געבליבען ווילדע, ווייל זייא האָבען ניט געהאַט קיין שום אויפטראַגע מיט זייער אַמאָליגע פאָטערלאַנד, האָבען ניט געהאַט אויף דיא אינזעלען קיין נוטציגע געוויקסע און טהירען און האָבען ניט געהאַט בייא וועמען זיך אויסלערנען אונזערע וויסענשאַפט און מלאכות.

ביין לעדאָוויטען אָקעאַן (ים הקרח) וואָהנען עסקימאָסען, וועלכע זענען פאַבאָזשע (עהנליך) אויף אונזערע נאָרד סיבירסקי פאָלקער. פאַרנעמען זיך מיט האָפען ים חיה, ים פאָגעל און פיש, שפייזען זיך מיט זייער פלייש, קליידען זיך מיט זייער פעל, הייצען און בעלייכטען מיט זייער פעטס.

ווייטער אין זיד, וואו עס איז שוין וואַרימער, פאַנגען זיך אָן דיא דערפער פון דיא רויטע אינדיאַנצעס וועלכע זענען בעזעצט אין גאַנץ אַמעריקא. זענען יעגערס אָדער ערדאַרבייטער, זייען מאַאיס (אַזאַ סאָרט תבואה וויא פּראָסע), און טהירען האָבען זייא צוגע-וואָהנט צו זיך און איינגעוואָהנט עלעפען משאוה, אַזוי וויא אַ אייזעל אין שטאָדט,- דיא לאַמע (וויא אַ סאָרט גרויסע שעפסען).

אין מיטעל (средней части) אַמעריקא האָבען זייא אויס-געשטראָיעט גרויסע שטאָדט מיט שטיינערנע און ציגעלנע הייזער, האָבען געהאַט אַ סך גאָלד, נאָר ניט געוואוסט פון אייזען און ניט דערגאַנגען קיין ריכטיגען כתב. צווישען דיא אינדיאַנצעס איז דאָ עטליכע מדרגות ווילדע, איי אַזעלכע וואס שטעהען נאָך אויפ'ן נידעריגסטען שטאַפּעל, איי אַזעלכע וואס שטעהען שוין אַביסעל נאָהנטער צוא אונז.

אין נאָרד אַמעריקא אין דיא מדבריות וואו עס געפינען זיך אָזערעס וואס האַלטען הונדערטער ווערסטען, לעבען ווילדע וואס

---

¹) דאָס איז איינע פון דיא גראָסטע [illegible] (שבטים) צווישען דיא ווילדע, זענען כחכמה'דיגער נאָר וויא [illegible] אויפ'ן [illegible]. איבערז.

פאַרנעהמען זיך מיט ערדאַרבייט און אַנדערע וואס פאַרנעהמען זיך נאר מיט פאלעוואַניע און גראַביאַזש (רויב, גזלה).

אין דער אַמעריקא וואו עס איז דא גרויסע וועלדער מיט אומגעהייער גרויסע ביימער, לעבען ווילדע, וועלכע שטעהען ניט קיין סך העכער פיר די אַוסטראַליצעס. אין עק דער וואו עס איז שוין שטאַרק קאַלט איז אויך דא ווילדע.

אַפריקא געפינט זיך אין גאַנצען אונטערן וואַרימען פּאַס.

אין טהייל פון צפון זייט וואס ליגט ביין טייך נילוס, אין מצרים (עגיפּטען) האט זיך די השכלה אנגעהויבען פריהער ווי אומעדום, נאר נאך מצרים געהט א גרויסער מדבר אין וועלכען עס זענען ניט געוועזען קיינע טהירען (חיות) און קיינע געוויקסע. נאר נאך דעם מדבר האט מען אפילו אמאל שוין געוואוסט, אז עס געפינט זיך גוטע ערד און עס לעבען דארט מענשען נאר שוואַרצע און סטראַשנע. וועלכע זיי האבען גערופען עפיאפען (Эфіопы), פון די עפיאפען האט מען דערצעהלט אזעלכע מורא'דיגע זאכען אז אפילו שדים האט מען פאַרגעשטעלט פּאַבאַזשע אויף זיי, יעצט ווייס מען, אז דארט לעבען פערשידענע שוואַרצע פעלקער, נאר ניט אזעלכע סטראַשנע ווי מען האט דערצעהלט. אט די נעגערס, וועלכע געהערען אויך צו זיי, פאַרנעהמען זיך שוין מיט ערדאַרבייט און קענען שמידען אייזען. די קאַפערס פאַרנעהמען זיך מיט האָדעווען פיה, פיהרען גרויסע מלחמות איינע מיט די אַנדערע און מיט די האָטטענטאָטען. - די האָטטענטאָטען זענען געוואָרן זא שוואַך און פויל אז זיי ווילען בעסער ליידען הונגער איידער אַרבייטען. אין מיט אַפריקא לעבען אויך אזעלכע ענליך צו די האָטטענטאָטען, קלייניגקע מענשען כמעט ווי קאַרליקעס, איינע פעלקער פון די נעגערס און קאַפערס זענען גרויסע מלוכות און האבען גרויסע שטאָדט. די אייראָפּייצעס (אייראָפּעאישע מענשען) האבען א לאַנגע צייט מורא געהאט אריינקומען אהין: די בייזע ווילדע פלעגען זיי הרג'ענען און אמאל נאך אויפפרעסען לעבעדיגערהייט אויך; אפילו יעצט וואס זענען שוין יא ביים ליבוויים אריינגעקראָכען. פון דעסטוועגען האבען זיי נאך מורא און געהען מיט שרעק. ניט אזוי גיך וועלען די שטאַרקע, גע-

פעהרליבע ווילדע אפריקאנער אונטערצייען זיך אונטער דיא אייך פייצעס.

מיר האבען דערצאהלט נאר פון דיא גלאזונג, גרויסע פאלקער אבער עס איז דא זעהר פיעל אונ האבען פערשידענע נאמען.

וויסען פון ווילדע איז אינטערעסאנטע אונ נוטציג. אינטערעסאנטע, וויל ביי זיא איז דא א סך זאכען וואס ביי אונז איז ניט דא, נוטציג, וויל אונזערע עלטערן האבען אמאל געלעבט אזא פראסטען לעבען וויא דיא ווילדע אונ ביי אונז אליין איז געבליבען א סך פון דיא פראסטקייט. אין פיעל הינזיכטען נאך זענען מיר ניט אזוי וויים אוועק פון זיא וויא מיר מיינען; פיעל זאכען וואס מיר וויסען אונ וואס מיר ארבייטען האבען דערגאנגען אונזערע עלטערן נאך דאן ווען זיא זענען געווען ווילדע.

דעריבער ווען מען וויל גוט פארשטעהן אונזער היינטיגען לעבען אונ וויסען דעם פריהערדיגען, מוזען מיר וויסען וויא עס לעבען ווילדע. פיעל זאכען פון זיא וועט אונז זיין בעקאנט אונ אז מען זאל זיך גוט צוקוקען וועט מען זעהן ניט אויף פאפיר, נאר פראקטיש מאקי אז אלע מענשען זענען גלייכע ברידער איינער מיט דעם אנדערן.

Y.

## דיא הונגעריגע ווילדע אין אוסטראליע.

אלע ווילדע קומט אוים צוא הונגערן, נאר צוליעב פער שידענע פריטשינעס: דיא הונגערן מחמת דעם וואס זיא זענען פויל זענען ניט קיין בעלי תכליתים, ד. ה. זיא גרייטען ניט אן אין דיא גוטע צייט אויף דיא שלעכטע; דיא אנדערע ווידער דערפאר, וואס זיא האבען פשוט ניט וואס צו אנגרייטען אונ וויסען ניט, אז זיא זאלען שוין אפילו האבען א זאפאס. וויא אפהיטען איהם ער זאל ניט קאליע ווערען. אט דיא, זענען געניים צוא הונגערן אונ קארמענען (שפייזען) זיך מיט אלעס וואס דער מאגען זייערער קען

נאר פאטראגען. מען זאל זעהן וויא עס לעבען אזעלכע ווילדע דארף מען צוקוקען זיך צוא דיא אויסטראליצעס.

אויסטראליע איז א גאנצער טהייל וועלט וואס איז אפגעטהיילט מיט גרויסע ימים פון דיא איבריגע טהיילען. קיין פרעמדער מענש פלעגט פריהער גאר ניט אריינקומען אהין ווייל עס איז דארט ניט געוועזען וואס צו נעהמען און דיא אויסטראליצעס זענען יעצט דאזעלבע ווילדע וואס פאר טויזענד יאהר.

ווען מיר זאללען דעם ערשטען מאל דערזעהן א אויסטראליעץ וואלט ער אונז אויסגעקומען זייער בעזאבראזנע און סטראשנע. זייא זענען שווארץ אדער דונקעל-ברוין, שרעקליך דאר, בלויז הויט און ביינער, דינע הענד, דינע פיס. א לאנגער בויך מיט א לאנגען קאפף אויף וועלכען דיא האאר ליגט וויא א דאך און קיין קאמ'ל ווערט אויס איז אויף איהם קיינמאל ניט ארויפגעקומען. ביי דיא מאנס־לייט איז דיא הארין, דיא הענד און דיא פיס בעדעקט געדיכט מיט האאר, בארד האבען זייא לאנגע און געדיכטע, אויפ'ן געזיכט זענען זייא ביינערדיג, סקולאסטע, גראבע ליפען מיט א צופלאשצעטע נאז, דיא אייגען שווארצע, קליינינקע און טיפע. ווען זייא זאללען זיין זאטטער וואלטען זייא שוין מכלא אויסגעזעהן שאנער. זייא לעבען אבער אפ דעם גאנצען לעבען אין האלב-הונגער.

ביי דיא אויסטראליצעס וואס וואהנען נעבען ברעג ים, טרעפט פיעל מאל אז זייא האבען ניט אפילו א פאלאטקע. נאר נאכטיגען אין מערות אדער אין פראסטע גריבער וועלכע זייא דעקען צוא מיט צווייגען. דיא פעשצערעס (היילען) זענען גענוג ברייט און דארט פאמעשצען זיך עטליכע פאמיליעס. באלד ביים אריינגאנג ברענט א פייער וואס דיא פרויען ברענגען א גאנצע נאכט. דיא פעשצערע איז אמאל אויסגעמאהלט מיט גרויסע ריסונקעס, אזא סארט וויא אונזערע קינדער ריסעווען, דארט איז אויסגעמאהלט אזעלכע סטראשנע מענשען און טהירען וועלכע געפינען זיך גאר ניט אין אונזערע קאנטען. דיא ווענט שמירט מען אויס פריהער מיט אכרא (א זא פארב) און אויף דעם ווערט געמאהלט ריסונקעס מיט קוילען אדער מיט שווארצע פארב.

אויסטראליצעס שלאפען אויף טרוקענע גראז אדער צווייגען

בלויז נאקעט אונ אללע צוזאממען, אז זיי שטעהען אויף, נארטלען זייא זיך נאר ארום מיט א נארטעל פון דאנשזע. ביי דיא מאנס-לייט איז קורצע נארטלען אונ ביי דיא פרויען אביסל לאנגערע ביז דיא קניא. ווען עס איז קאלט ווארפען זייא אויף זיך ארויף א פעל פון א דוואוטראבקע[1] (двутрабка). אין א קאלטע נאכט דעקען זיי זיך צוא מיט דיא פעל אדער קריכען פראסט אריין אין ווארימע אש.

ווען עס איז געבליבען עפעס פון נאכטיגע וועטשערע, עסען דאס דיא אווסטראליצעס אין דער פריה אנשטאדט פרישטיק, ווען ניט, געהען זייא אוועק מיט א ניכטערן מאגען אונ שטיללען דעם הונגער אויס'ן וועג מיט וואס זייא געפינען נאר. וויא דיא זאננע געהט נאר אויף אזויא קלויבען זייא זיך צוזאמען אונ געהען זוכען שפייז אויף דעם היינטיגען טאג. זוכען געהט דיא גאנצע פאמיליע: דען דיא פרויען אונ די דערוואקסענע קינדער קענען מיטהעלפען אין דיא ארבייט פון זוכען אונ דיא קליינע קינדער קען מען דאך סאי וויא ניט איבערלאזען אלליין. די ברוסט קינדער וועלכע קענען אלליין ניט גיין וויקעלט מען איין אין א פעל אונ מען בינד זייא צוא צוא דיא פלייצעס פון דיא מוטערס כדי דיא פרויען זאללען האבען פרייע האנד.

דיא אווסטראליצעס שפייזען זיך נאר מיט דעם וואס זייא גע-פינען אין וועג. קיין זאפאס ליגען אויף א ארט האבען זייא ניט, דעריבער קענען זייא ניט אומקעהרען זיך צוריק אויף זייער ארט מיט ליידיגען איידער זיי האבען געפונען שפייז, אונ ווייסען ניט ווען וועט זייא אויסקומען זיין אין, וויא מיר רופען דאס, דערהיים. וועט געלינגען, וועללען זייא זיך האבען שפייז אויף א מיטטאג, אז ניט, קומט אויס נאכטיגען דארט וואו עס פאלט אויס. ניט אומעדום געפינען זיך דיא פעשצערעס (היילען), עס קען זייא פונקט אויס-קומען נאכטיגען אין א גלייכען ארט אונ וואו קיין בוימער איז גראדע אויך ניטא איין וועלכע דער אווסטראלער איז פעהיג זיך

---

[1]) אזא חיה, אויס'ן האלז הענגט איהר אראפ וויא א זאק, אין דעם דערטראגט זיא דיא קינדער ווען זיא איז מעוברת, דיא קינדער איהרע ווערען געבוירען ניט צייטיג אונ הענגען אין דעם זאק ביז זייא ווערען פאלקאם צייטיג. זיא געפינט זיך נאר אין אווסטראליע. איבערז.

אומיעשצען, אפילו קיין קוסטען (קליינע בוימליך) געפינט זיך אויך ניט אונטער וועלכע ער זאלל קענען באהאלטען זיך פיר א ווינט, דעריבער נעמען דיא אווסטראליעצעס מיט אין וועג פאנצערס (пятна). וואס איז געמאכט פון קארע אדער אויפגעפלאכטען פון צווייגען, אונ שפיזען. דיא שפיזען שטעקט מען אריין אין דער ערד אונ מען בינדט צו דיא פאנצערס. קומט ארויס א זא קארט פאלאטקע. עס ווערט זא געשטעלט או דער ווינד זאלל ניט קענען אריין בלאזען. עס טרעפט או דיא פאלאטקע פארפיהרט זייא ווייט פון זייער ארט, זייא בראדשזען ארום עטליכע וואכען נאכאנאנד אונ נאכטיגען אין אזעלכע פאלאטקעס. דיא פאנצערס מיט דיא שפיזען טראגען דיא פרויען. דיא אווסטראלישע פרויען איבערהויפט שווערע ארביים. א אווסטראלעץ ווען ער איז געשיקט, שטארק אונ קען חאפען א סך אויף פאליעוואנע האט ער ס'רוב עטליכע ווייבער. ער בעגעהט זיך מיט זייא שטרענג, שלאגט אהן רחמנות, עס טרעפט או דיא פרויא קריגט מיט א שטיק האלץ אין קאפף אריין אונ בלייבט ליגען, נאר א דאנק וואס דער קאפף שארבען פון דיא אווסטראליעצעס איז גראבער (דיקער) וויא אונזערער.

אויסער דיא פאנצערס טראגען דיא פרויען מיט, ברענענדע האליוועשקעס, מאמער ברויכט מען פייער זאלל זיין גרייט. דער אווסטראלעץ קען אפילו בעקאמען פייער רייבענדיג טרוקענע האלץ, נאר דאס איז זייער שווער אונ עס ברויך לאנג גידויערן.

דיא פרויען טראגען אויך מיט דיא ביס'ל בעלי-בתישקייט וועלכעס איז זא ווינציג דא או עס געהט אין גאנצען אריין אין א זאק וואס איז געמאכט פון פעל אויסגיפלאכטען פון צווייגען אדער פראסט אויפגידרייט פון קראפאווע. אין זאק וועלכען דיא אווסטראלקע טראגט אויפ'ן פלייצע, קען מען שטענדיג געפינען פלאסקע שטיינער מיט וועלכע זייא צורייבען די געפונענע קערנער אונ צומהאלען דיא ווארצלען. פון דיא צוריבענע קערנער קומט ארויס מעהל פון וועלכע עס ווערט געבאקען אויף הייסע גלאטע שטיינער אזעלכע מצות. דיא הארטע הילצערנע ווארצלען ווערען פריהער צוריבען נאכהער געסמאלעט אדער מען עסט דאס רויער הייד. אווי-סטראליעצעס עסען פון הונגער ניט נאר רויע ווארצלען, זייא ליינע

נאר צוא דעם צוא , ווען עס איז זייא ווינציג , אזוא סארט ערד וויא לייס אונ דיא ערד טראגען זייא אויך מיט אין זאק . מעססערס אונ געוועהר ווערט געמאכט פון שארפע שטיינער וועלכע ווערן שטארק צוגעקלעבט מיט סמאלע צוא א שטיק האלץ . אין זאק געפינט זיך שטענדיג א זאפאס שארפע שטיינער אונ סמאלע . דארט געפינט זיך אויך אדערן פון טהירן מיט וועלכע מען בינדט צוא צוא א טאפאריקע גרויסע שטיינערנע האק . ווייכע זאכען וויא למשל : פלייש , פעל א. ז. וו. קען מען ניט אזוי גוט שניידען מיט שטיינערנע האק , דעריבער ווערט אנשטאט דעם געברויכט רא- קאיינעס) פון וועלכע עס געפינט זיך א גרויסער זאפאס אין זאק , דארט ליגט אויך קארע פון וועלכע מען קען אנרייסען ליק . וואס דער אויסטראליען געברויכט אנשטאט שטריק אונ א שטיק ווייכע האלץ וואס ער ברויך רייבען אן הארטע אום בעקומען פייער דאן ווען עס טרעפט אז דיא האליוועשקעס לעשען זיך אוים . פאסודעס (קיך געפעס) טראגען זייא ניט מיט , פראסט ווייל זייא האבען אויגם ניט , זייא קענען אפילו ניט מאכען קיין ליימענע טאפ אונ צום טריקען געברויכען זייא מענשליכע קאפף שארבענס .

דיא ארטער וואו זייא בראדזשען (קריכען) ארום זענען וועהר מאגערע . עס געפינט זיך דארט וועהר ווינציג געוויקסע אונ טהירען וואס מען זאל קענען מיט זייער פלייש זיך שפייזען . עס איז בלויז ענטוועדער וויעסעדיגע ארטער (луговыя мѣста) מיט קליינע בוימליך , פוסטע טהאלען וואס לאזען זיך אראפ צום ים אדער זאמדיגע , שטיינערדיגע ארטער וואו עס וואקסט נור צוזאממענ- געדרייטע קוסטארניקעס (קליינע בוימליך) .

דער בערענעדינער (וואס וואהנט ביין בערעג) אויסטראליעץ , איבערהויפט ביין נארד בערעג , קען ניט זיין קיין איבערקלייבער אין עססען ער מוז עססען אללעס וואס קומט איהם נאר אין האנד אריין אונ וועלכעס אנדערע מענשען וואס זענען ניט געוואהנט צוא דעם , וועלן אזעלכעס באין אופן ניט עססען ; ער עסט אי זשאבעס , אי יאשטשעריצעס , אי ווארצלען אי קערנער פון געוויקסע . אין

[1]) אזעלכע יס חיות וואס דער גאנצער סקעלעט ווייכער איז וויא א קארפער פאנצער .

יענע ערטער איז ניט דא קיין גיסס אדער אויבם וועלכע נעפינען זיך אין דיא אנדערע טהיילען פון דער וועלט. דער בערעגעדיגער אויסטראליען מוז כמעט קריכענדיג אויף דער ערד זוכען שפייז. אויפקלייבען פערשידענע קריכענדע פליגען און אויסגראבען דיא ווארצלען וועלכע ער קען עססען. ארום מער איז איבערהויפט קליין געוואקסיג אי דיא טהירען אי דיא געוויקסע און מען מוז אוועק ווייט פון ים ווען מען וויל געפינען גראסערע טהירען. אויפ'ן ברעג געפינט זיך נאר ים-פאגלען, וועלכע שפייזען זיך מיט פיש, פעטע אדער ניט קיין געשמאקע, נאר דער אויסטראליען בראקירט ניט מיט זיא הגם זיא זענען ניט אזוי בטעמ'ט. אבער דאפען דיא פאגעל איז זיא. ניט האבענדיג קיין אנדער ווארפענדע געוועהר אויסער א פארשארפטע פאלקע, וועדר שוער, ווי ער וואלל זיך שיקעווען ווארפען ריכטיג אויף דיא פאגעל טרעפט ער פארט געהר-ווייניג אין ציעל אריין.

אום צוציהען צוא זיך דיא ים-פאגעל ליגט זיך דער אויסטראליען אוועק ניט געבענדיג זיך קיין רוהר אויף א האאר, פונקט ווי ער שלאפט, און האלט אין מויל א פיש. דיא פאגעל וועהענדיג דיא פיש און מיינענדיג אז דער מענש וועלכער האלט זיא מיט דיא צאהן איז א טויטער, פליהט זיא אראפ אויף דער ערד און חאפט דיא פיש. נאר דיא אותו רגע גיט דער מענש א חאפ מיט'ן האנד דיא פאגעל.

הגם דיא אויסטראליענס וואהנען ביים ים, פון דעסטוועגען זענען זיא ניט קיין גוטע פיש-חאפער. זיא זוכען בעסער דיא פיש אויפ'ן ברעג, קלייבען אויף דאס וואס ווארפען ארויס דיא וואססער-וואללען אדער וועלכע בלייבען איבער נאכ'ן פריליוון[1] (приливъ). קיין לאדקעס סטרויען קענען זיא ניט, נאר שווימען באלד ביים ברעג אויף א פראם (плотъ) אויפגעבונדען פון צוויא אדער דרייא קלאטצער. קיין סיעט'ן, קיין אודאטשקעס וועלכע

---

[1]) עס איז בעוואוסט אז דער ים פארגיסט אללע מאל דעם ברעג אין א בעשטימטע צייט [אללע 6 שעה] און אין א בעשטימטע צייט געהט ער צוריק אוועק אויף זיין ארט. דאס הייסט פריליוו אי אטליוו (приливъ и отливъ), עס קומט ארויס פון דיא ציהונגס קראפט פון דיא לבנה. איבערזעטצער.

געשעצען צום חאפען פֿיש) געפֿינט זיך ביי זייא ניט. דאס גאנצע גליק איז וואס דער ים ווארפֿט אמאל ארויס א גרויסע פֿיש אדער א קיט¹) וועלכער ווערט אויפ'ן ברעג אויסגעטריקענט אונ פֿגר'ט פֿריהער איידער ער אויספֿעיעט אריין געהן צוריק אין וואססער אדער ווערט פֿון ים ארויסגעווארפֿען א טויטער. די אווסטראליצעם קוקען ניט אויף דעם וואס זיין פֿלייש איז פֿערדארבען אונ עססען זיך שטארק אן מיט איהם. זייא ליעבען ראקעס אונ אנדערע ליעבעדיגע באשעפֿעניש וואס געפֿינט זיך אין ים, אבער חאפֿען דאס קענען זייא נאר אויפ'ן ברעג.

ווען די מאנסבלייט געהען אוועק ווייט פֿון ים חאפען פֿאגעל אדער טהירע גראסערע ווי די מעערשע (פֿון ים), געהען די פֿרויען אונ די קינדער זוכען שפייז פֿון דער ערד אונ קלייבען אויף אלעס וואס מען קען נאר נעהמען לייכט ניט ארבייטענדיג שווער דערביי. אי דער אווסטראליען אי די אווסטראלקע האבען זעהר א גוטען טביעה עין (א שארפֿע אויג), זייא וועלען ניט פֿערמיידען אין גראז אדער א קריכענדע פֿאגעל, זייא זאלען ניט דער זעהן. עס איז גאר שווער צוא גלויבען וואס פֿיר א שארפֿע אונ א ווייטע ראיה די אווסטראליצעם האבען. אויף די גרויסע וויזעס אויף וועלכע עס איז ניט מיט א אויג א ווארף צוא טהון, קיים ניט זיך א שאקל א גראז, קוים קוקט ארויס א טהירכען, דער אווסטראלי', האט שוין בעמערקט אונ איז שוין דארט.

אבער, דארט ווענען די טהירען ניט אזוי אנגעשראקען ווי ביי אונז, האבען ניט אזוי מורא פֿיר א מענש, פֿון דעסטוועגען דארף מען גענוג געשיקט זיין מען זאלל זיא קענען פונקט דערהיטען אונ טארטען מיט א גראבטע פאלקע וועלכע איז נאר פֿערשארפֿט געווארן אויפ'ן פֿייער.

די טהירען וועלכע געפֿינען זיך אין אווסטראליע ווענען נאר ניט פֿאכאושע (עהנליך) אויף אונזערע. מען זעהט דארט נור אזעלכע סטראשנע טהירען. וועלכע שפרינגען אויף די אונטערשטע פֿיסליך, האבען שארפֿע מארדיטשקעס, פֿריילינע אוינליך, גלייכע

¹) א ים חיה, דאס איז די גראסטע טהיר פֿון דער וועלט, עס טרעפֿט קיטען וואס האלטען ביז 15 פאדען די לאנג. איבערז.

אויערן, לאנגע אונטערשטע פיס און א גראבער שטארקער עק. די פאדערשטע פיסליך זענען קורצע און זיי נעהמען אויף זיי ניט גאר שפרינגען אויף די אויפגעליינטע אונטערשטע פיס אנשפארענ-דיג זיך אויפ'ן עק. זענען געשיקטע און מאכען גרויסע שפרינג. אז זיי שטעהען אויף די אונטערשטע פיס זענען זיי הויך ווי א מענש. די וואלל זייערע איז קורצע און ווייכע, און די פעל טראגט דער אוסטראליער אויף זיך אנשטאט קליידער. דאס איז די דוואוטראבקעס (кенгуру двуутробка). זיי הייסען אזוי, ווייל זיי שוואנ-גערן די קינדער אין א פעל ווי א זאק וואס איז ביי די „זיא" (נקבה) געוואקסען אויפ'ן האלז געגען די בריסט.

אין אוסטראליע געפינט זיך נאך קליינע סארטען דוואוו-טראבקעס א העלפט קלענער ווי די געוואהנליכע. פריהר, גאר אמאל זענען די דוואוטראבקעס געווען אומעדום, נאר זינט עס האבען זיך פארפיהרט די רויבענדע טהירען ליבען, בערען, וואלף א. ז. וו.) זענען זיי ניט אומשטאנד געווען בעשטעהן געגען די טהירען, דען זיי האבען ניט, ניט קיין שטארקע באק צאהן, ניט קיין שארפע פאדערשטע צאהן, ניט קיין הארנער און אפילו לויפען קענען זיי אויך ניט אזוי געשיקט ווי די רויבענדע טהירען, דען זיי האבען ניט קיין קאפיטעס. די דוואוטראבקעס זענען שוין בכמעט אין ערגעץ* ניט דא, נאר אין אוסטראליע זענען זיי נאך פיעל דא, ווייל דארט איז ניט דא קיין רויבענדע טהירען אויסער הינד און אנטקעגען זיי האבען די דוואוטראבקעס שוין געקענט זיך א עצה געבען.

דאס וואס עס איז דארט ניט דא קיין רויבענדע טהירען איז פיר די דוואוטראבקעס געווען א מעלה, פיר די מענשען אבער איז דאס געווען א חסרון. רויבענדע טהירען פארפיהרען זיך נאר דארט וואו עס איז דא גרויסע גראז-עסענדע טהירען: אקסען, פערד, שעפסען, איילען א. ז. וו. וועלכע די צורייסען און פרעסען אויף און נאר די גראז-עסענדע טהירען האט דער מענש געקענט צו געוואהנען צוא זיך, היינט אז עס איז ניט געווען קיין רויבענדע טהירען איז דאך מסתמא די גראז-טהירען אויך ניט געווען. די דוואוטראבקע האט דער מענש ניט געקענט צוגעוואהנען צו זיך,

ווייל זייא זענען זעהר נארריש אונ מען קען פון זייא קיינע נוצען האבען. דעם הונד האט דער אויסטראליער זא צוגעוואהנט אז ער העלפט איהם אין פאליעוואניע. נאר ווען דיא פאליעוואניע געראטה ניט אונ איהם ווילט זיך עסען, עסט ער אויף דעם הונד אלליין.

אין אויסטראליע געפינט זיך נאך צווייא סארטען טהירען וועלכע זענען וואונדערליכער וויא דיא דזואואוטראבקע. איינע הייסט: אוטקאנאס (утконосъ) (זיא הייסט אזוי ווייל זיא האט א קאטשקענע שנאבעל), האט פיס פערוואקסען מיט פעדערן אונ א מארדע וויא א קאטשקענע שנאבעל. דער צווייטער סארט הייסט: עכידנא (эхидна), האט א נאז פאכאזשע אויף א הינערשען שנאבעל אונ געדרייטע האאר וויא ביי א יאזש. זייא לעבען אין וואססער אונ גראבען נארעס אויף דיא ברעגעס. א טהייל זענען ענליך צוא א חיה אונ טהייל צוא א פאגעל, ווייל זייא טראגען אויך אייער אונ דיא אויסגעלופעטע קינדער פון דיא אייער שפייזען זייא מיט מילך. אין אויסטראליע געפינט זיך א גרויסע פאגעל וועלכע הייסט קאוואר (Казуаръ), האט פעדערן וויא הארטע האאר. פליהען אין דער הויך קען זיא ניט, ווייל דיא פליגעל זענען קורץ לויט איהר געוואוקס (זענען זעהר הויבע, האלטען ביז פינף פוס (футъ איבערז.) נאר לויפען קען זיא זעהר געשיקט צוטרייבענדיג מיט דיא פליגעל, זיא לויפט געשיקטער פיר א פערד, איהר איין שפרונג האלט צווייא סאזשען. דיא קאווארעס האלטען זיך דאס רוב ביי א וואססער. זייא פלעכטען אויס אויף דער ערד גרויסע אונ ברייטע נעסטען פון ווארצלען אין ערך 10 ארשין דיא לייגג אונ 1½ ארשין דיא הויך. דארט לייגען זייא אריין גרויסע אייער אויף וועלכע עס זיצט דער זכר. אויסער דעם לעבען אין אויסטראליע אויף דיא בוימער פיעל פאפוגאיעס [1] (попугаи).

מיט אזא געוועהר וויא מיר האבען געזעהן ביים אויסטראליער ד. ה. מיט א שפיז אדער מיט א שטיינערנעם מעססער קען איהם ניט אללע מאל געלינגען הרגענען דיא דזואואוטראבקע אדער קאוואר.

---

1) דאס איז זעהר א קלוגע פאגעל, קען נאכרעדען נאכן מענש ייעדע ווארט אונ אפילו אויסלערנען זיך געדענקען בעשטימטע ווארטער. איבערז.

ער איז נאר מנצח מיט דעם וואס ער זאגט זיך נאך ויא נאר אחן א אויפהער ביז ער מוז דאס וויניגע אויספיהרען; ער קען 2–3 טאג נאכגעהן נאך איהר אונ ניט לאזען זיא א רגע אפרוהען, ביז ענט-וועדער זיא גיט זיך אונטער אדער ווען זיא ווערט בייז נעהט זיא גלייך אויפ'ן מענש איהם טארטען. נאר דער רידהענדער אויסטרא-ליען הרג'ט זיא פריהר איידער זיא געהט צוא איהם צוא. —

קיינער קען זיך ניט פערגלייכען מיט א אויסטראליען אין קלעטערן אויף בוימער. ווען דעם אויסטראלישען יעגער קומט אמאל אין וועג, אום צוא בעקוממען האניג פון א בינשטאק, קלעטערן אויף א הויכען גלאטען בוים וואס צווייגען געפינען זיך נאר אויפ'ן סאמע שפיץ, איז בעוואונדערן וויא קינסטליך ער קריכט. ארומ-חאפענדיג דעם בוים מיט א שטריק פון ראנאזשע אונ אנהאלטענ-דיג זיך מיט איין האנד שטייף אן דיא שטריק, האקט ער מיט דער צווייטער האנד מיט א שטיינערנעם מעסער לעכער אין דעם בוים אונ אויף דיא לעכער קריכט ער גלייך וויא אויף טרעפ.

דער אויסטראליען איז ניט נור געשיקט, נאר אויך חיטרע. אז ער וויל געפינען א בינשטאק האפט ער א בין, קלעבט צוא איהר צוא מיט וואקס א פעדערל אונ גיט אכטונג וואהין זיא פליהט, ביז ער מוז זיך דערוויסען וואו דער בינשטאק איז. אונטערן בינשטאק מאכט מען א פייער כדי דיא בינען זאלען אנטלויפען פון רויך אונ מען נעהמט דערווייל צוא דעם האניג. דער אויסטראליען קען אויך סטרויען געטצען פיר דיא טהירען אונ טרייבט געשיקט אריין א דוואוטראבקע אדער א קאוואר אין א גריב, וועלכע איז בעדעקט פון אויבען מיט גראז. אז דיא טהיר פאלט אהין אריין איז איהם שוין ניט שווער זיא הרג'נען.

וויא שווער דעם אויסטראליען איז קריגען שפייז, איז וואסער נאך שווערער צוא קריגען. וואסער וואס איז גוט צום טרינקען איז אין אויסטראליע זעהר וועניג דא. קיין סך טייכען געפינט זיך דארט ניט, אונ אין פיעל ערטער איז דיא וואסער געזאלצען; היינט פיעל מאל טרעפט אז פון היץ ווערט דיא אזערע אין גאנצען אויסגעטריקענט. אין זיד (דרום) ברעג, וועגען וועלכען מיר רעדען דא איז ניט אזוי היס וויא אין גאנצען אויסטראליע, פון דעסטוועגען

איז דארט ווינציג וואססער, בפרט אין די היסע ערטער איז אודאי וואססער א יקר המציאות, עס איז זעלטען צו געפינען. אונ אזוי ווי דארשט מוטשעט דעם מענשען מעהר אלס הונגער דעריבער קען דער אויסטראליער געפינען וואססער נאך מיט מעהר פעהיגקייט ווי שפיז; דורך אוועלכע פערשידענע סימנים, דורך איניגע געוויקסע ערקענען זיי אז אויף דעם ארט געפינט זיך וואססער. זיי ערקענען אפילו ווען די וואססער געפינט זיך ערשט א מאנשען אדער צוויא אראפ טיעף אין דער ערד. ווען ער קען נים געפינען קיין וואססער גראבט ער אוים געוויקסע מיט זאַפּטיגע וואססעריגע ווארצלען אונ זייגט אויס די וואססער פון זיי. דערפאר ווען ער געפינט א טייכל אדער א גרוב וועלכער איז נאכ'ן רעגען אנגעזאפט געווארן מיט וואססער, איז איהם שוין ווינציג בלויז אנטרינקען זיך, נאר ער ווארפט זיך אין גאנצען אריין אונ ליגט דארט לאנג אוועק.

הגם דער הונד דיענט דעם אויסטראליער וועהר גוט אין פאליעוואניע, פון דעסטוועגען איז פארט שווער ביי אזא געוועהר ווי א פראסטער שפיז אז איין מענש אליין זאל מנצח זיין די חיה. דער ווילדער אויסטראליער פארשטייט אז צוויא כחות איז מעהר אונ מכלא שטארקער פיר איין כח אונ זיי קליבען זיך אויף צוזאמען איניגע פערזאן העלפען איינער דעם צווייטען. צוזאמען איז גרינגער טאדטען די חיה, דען זיי רינגלען איהר ארום פון אללע זייטען אונ טרייבען זיא נור אין דער זייט וואו עס שטעהען שוין גרייט עטליכע יאגערס מיט געוועהר.

אז זיי געהען אין פאליעוואניע אויף די קאווארען, טהוט זיך איינער אן אין א פעל מיט פעדערן פון א פאגעל אונ נאכמא־כענדיג פונקט זייער געשריא קליבט ער זיך אריין אין מיטטען די סטאדע, אז ער איז שוין דארט הייבט ער אן טרייבען אונ שלאגען די פאגעל וועלכע לויפען צוטומעלטעהייד אין א אנדער ארט אונ דארט ליגט פארבעהאלטען יאגערס, וועלכע חאפען וויפיעל עס איז נאר מעגליך אונ הרג'נען.

אין פאליעוואניע אויף די דוואוטראבקעס בינדען די יאגערס אן אויף א שטריק א פעל פון א יאסטרעבע (א רויבעגרע

פאגעל), װארפען דאס אין דער הויך אום ערשרעקען די טהיר װעלכע לויפט פון שרעק אין קוסט (צװייג) אריין װאו זיא װערט געשטאכען.

די יאגערס װעלכע מאכען צװישען זיך אחדות, לאזען ניט קיין פרעמדע אריין אין זייער ארט אונ פאללען אן אויף יעדען װאס ערלויבט זיך אליין ניט געפרעגט אריין צו גיין. זיא רעכענען אז די אלע טהירען װאס געפינען זיך אין דעם אומגעגענד אװאו זיא האבען זיך בעזעצט געהערט נאר זיא אונ פערהיטען זייער אייגענס פון פרעמדע הענד.

אם װיא געבאך עס קארמענען זיך די מענשען, װעלכע װאהנען אין אזא ארט אװאו מען קאן כמעט גאר ניט קריגען צו עססען. פון רעסטװענען שלאגען זיא זיך פארט אדורך זייער טאג לעבענס בארערפעניש אונ שטארבען ניט פון הונגער. אין זייער זאך װענען זיא אזויא קלוג װיא מיר, זיא װייסען נור איין זארג — אנעססען זיך אונ אין דעם האבען זיא זיך זא ענטװיקעלט אז מען דארף גאר בעססער ניט. זיא קאנען ניט נאר אויסזוכען װילדפרעט נור קענען אויך מיט אזויגע אויסגעקלערטע, מיטן שכל, מיטלען, מאכען אז די טהיר אדער די פאגעל קומט אריין צו זיא אין האנד אריין. זייערע שכנים װייטער אין מאטעריק (װייטער פון די ברעגעס א״בערו), אװאו מען לעבט שוין בעקװעמער אונ פרייער, האבען אויסגעקלערט זייער קינסטליכע געװעהר, פערשידענע יאגערשע אונ פישהאפעשע געציינג װעלכע װענען פאבאזשע אויף אונזערע. עס איז צו בעװאונדערן װיא ריכטיג זייער געװעהר איז געמאכט.

נעהענדיג װייטער אין מאטעריק זעהען מיר שוין שטארקערע אונ בעקװעמערע היטען, װעלכע װערען געמאכט פון גראבע קלאצליך. די שפאלטען װערען פארשמירט מיט לעהם אדער פאר־שטאפט מיט גראז. א דאך װערט געמאכט שפיציג אונ צוגעדעקט מיט צװייגען. די שפאלטען אין דאך װערען פארשמירט מיט לעהם. די אױסטראליצעס קענען מאכען ליאדקעס פון קארע, זיא װיאסלען (гребять) מיט איין װיאסלע װעלכע איז אויך געמאכט פון קארע; אזעלכע ליאדקעס זעהט מען אין פיעל אױסטראלישע טייכען אי־

אפילו אין מער אין נארד (צפון) און וועסט (מזרח) ברעג. —

אז די אווסטראליצעס האפען פיש ליגען זיי זיך אנידער, דרעהען אויס דעם קאפף אזוי אז די אויגען ליגען אונטערן וואסער און האלטען דארט א שפיז, ווען די פיש לויפט פארביי וועהט ער און קען זיא ערשטאכען נאר אין מיה. זייא קענען אויך האפען פיש דורך פייער, געמצען און ווענטעקעס וועלכע ווערען געמאכט פון פאנגלשע נעגעל, וויא; א קאקאלע, אדער א יאסטרעב (צוויא רייבענדע פאגעל איבערה). די אווסטראליצעס פון מיט און נארד מאטעריק געהען געקליידעט ניט בעסער וויא די וואס וואהנען אין זיד (דרום) ברעג. נאר דערפאר איז ביי זיי גוט ארומגעארבעט די פעל פון די דוואוטראבקע וואס זייא טראגען אויף זיך.

יעצט לאמיר איבערעכענען אלעס וואס מיר האבען געזעהן ביי דעם אווסטראלישען יאגער. ער איז קיין בריה אין פאליעוואנגע וויא אונזערער א יאגער, דען ער באמערקט גיכער און דערהערט בעסער פון דערווייטענס דעם גאנג פון די ווילדפרעט (дичь) פאר אונזערן א יאגער. ער האט דערקלערט כמעט אלע מיטלען מיט וועלכע עס בענוטצען זיך אנדערע יאגערס. ער ווייסט פון געטצען, גריבער, אבלאוועס, ארומגראבען און נאך אזעלכע מיטלען. ער ווייסט אז א הונד קומט שטארק צונוטץ אין פאליעוואנגע דאס-זעלבע איז אויך ביי פיש-האפען. אלזא זעהט מען אז די אללע אונזערע מיטלען איז ערקלערט געוואהרן נאך נאר אמאל ווען דער מענש האט ארומגעבראדזשעט איבער דער וועלט און האט ניט גע-וואוסט פון קיין שטענדיג בעשטיפט-ארט. היינט פון וואנען קומען די אללע ידיעות צוא די מענשען וואס זענען געוועזן זא ווילד און פארגרעבט אין אלעם?

---

זייא זענען דעריבער געווען אזויא וויסענד, ווייל דאן האט דער מענש געלעבט נאר פון פאליעוואנגע אדער פיש-האפען און דער וועללען לעבען האט איהם געלערנט קלעהרען, טראכטען, דענקען זיינען דעם און דער לעבען האט איהם שוין אויסגעלערנט בעקלעהרען, בעטראכטען און בענוטצען זיך מיט דעם וואס ער האט דער-קלעהרט.

## VI.

## דיא הונגעריגע ווילדע אין אזיען אונ אמעריקא.

צום ענדע דעם אינדייסקען פאלואסטראוו אין אזיען, ציהען זיך הויכע בערג, אין דיא ערטער איז א געזונדטע וואריטע לופט. איבערהויפט איז ריין דיא לופט נאך א רעגען. אונטען ביא אראפ בארג געהען בלאטיגע ערטער וואו עס וואקסט באמבוק (אזא סארט טראסטניק) [illegible] דיכטע פארוואקסענע גראזען. אין דיא פאר־וואקסענע גרא[illegible] [illegible]האלטען זיך טיגערס, בער'ן אונ קאבאנעס. אין דיא בלא[illegible] [illegible]ן אירולען (пруды). שווארצע, דארע מיט גראבע [illegible] [illegible] איינגעבויגענע פלייצעס, דארט איז שוין הייסע אונגע[illegible] [illegible]. א פרעמדער מענש ווען ער איז דארט אפילו א קליינע צ[illegible] [illegible] [illegible] קריגען פיבער.

אבער [illegible] [illegible] א אלטע צייטען האבען זייא אויך געוואהנט אין דיא געזונדטע א[illegible] ערטער, נאר זינד עס וועגען אנגעקומען דיא ניט ווילדע ווייסע אייראפייער וועלכע הרג'נן שוין ניט מיט א פראסטען שפיז א טהיר, נאר שיססען מיט הארמאטען אונ מיט איין שאס טאדטען זייא פיעל מענשען, זייא זענען געוואר'ן דיא בעלי בתים פון אינדיא אונ אנגעהויבען לערנען מיט'ן קאנטשיק אמונה אונ השכלה דיא ווילדע, זענען דיא שווארצע ווילדע אוועק אין דיא בערג. איינינע פון זייא האבען נעקריגען א ארט אוואו מען קאן נאך לעבען אביס'ל בעקוועמט, מען קען אקער'ן דיא ערד אונ פאשען פיה; אנדערע ווידער אין בלאטיגעס פארוואקסען מיט וואלד אוואו עס איז ניטא קיין ארט ניט אויף אקער'ן אונ ניט אויף פאשען פיה. אט דארט וואהנען דיא אירולען. זייא שפייזען זיך מיט יאגדעס, אויבס, ווארצלען אונ מיט אייער, צווייא אדער דרייא מאנאכ'ען אין יאהר שפייזען זייא זיך מיט דיא יונגע קנאספען פון דיא באמבוקעס. אנשטאדט קליידער בינדען זייא ארום דעם קערפער מיט א שמאטע אונ אז זייא האבען ניט קיין שמאטע געהען דיא מאנסלייט בלויז נאקעט אונ דיא פרויען בינדען זיך ארום פון פארנט מיט בלעטער. דיא אירולען פערבאהאלטען זיך אין דיא לעבער פון דיא סקאלען אדער אין שטרויענע פאלאטקעס.

פון מלאכות ווייסען זייא נור פלעכטען ראגאשקעס פון צווייגען און קארזינעס (קערב) פון באמבוקעס וועלכע זייא מוישען אוים ביי די נאהנטע שכנים פאר זאלץ און פעפער .

האבער איבער דיא אירולען אין דיא וועלדער וואו דיא ערד איז טריקענער און דיא לופט געזונדטער לעבען דיא קורומבען (курумбы), וועלכע בראדזשען אויך ארום ווי שפיז . ביי זייא קען מען שוין געפינען גרויסע פאראבקעס וואו עס וואהנען צוזאממען עטליכע פאמיליעס ; נור דיא אללע איינוואהנער זאלען זיך דארט צוזאממען אומישצען איז זייער שווער . עס איז קאנטיג אז דיא וואהנונגען זענען נור געמאכט אויף צו אויסנאמענדען טראף און עס געהען אהין אריין אויף א קורצע ציים נור דיא וואס געפינען זיך נאהנט פון וואהנונג .

דיא קורומבען בעטלען אמאל אוים אדער בעקוממען פאר ארבייט , פון דיא נאהנטע נאראדען וועלכע זייען שוין תבואה . אביסל קערנער . דאן ברענגען זייא אוים א שטיק'ל וואלד , טשאראפען אוים דיא ערד מיט א שארפע פאלקע און פארזייען דיא קערנער . נור קיים אבער ווערט דיא פארזייאונג אביס'ל צייטיג אזוי עססען זייא דאס אויף מיט'ן ווארצעל .

כל זמן זייא האבען דאס זענען זייא זאט און זיצען אויפ'ן ארט , נור אז דאס געהט אוים הונגערן זייא ווידער און הייבען ווייטער אן בראדזשען . קלויבען יאגדעס און ווארצלען , יאגען זיך נאך הירש'ן , האפען שלאנגען און קריכענדע פאגעל .

דיא שכנים זייערע וועלכע אקער'ן דיא ערד און האדעווען פיה לעבען שוין נים אין דחקות און שטיצען דיא הונגעריגע אירולען און קורומבען . זיי שטיצען זייא נים אזוי פון דרחמנות וועגען ווי פון מורא , ווייל זייא האלטען זייא פאר מכשפים . דעם ביטעל האבען דיא אירולען און קורומבען בעקוממען צוליב דעם ווייל זייא ווייסען יעדעס גראז און קענען אללע מהיידען פון דיא קלענסטע ביז דיא גרעססטע .

דיא שכנים זייערע וועלכע האבען אין דעם קיין ידיעה נים , אז עס ווערט זייא קראנק א היימיש פיה רופען זייא א אירול אדער קורומב ער זאלל זייא היילען און איבערהויפט אפשפרעכען א עין־

הרע . זיא רעכנען אז נאר דיא ווילדע גיבען א עין-הרע אונ נור זייא קענען אפ שפרעכען ווייטער קיינער ניט . ווריבער כדי זייא זאללען ניט געבען קיין עין-הרע אונ אפשפרעכען ווען מען האט שוין געגעבען , צאהלט מען זייא פאר דעם אונ קריגען נאך אמאל א שטענדיגע פענסיע. געוועהנליך , דיא גאנצע זאך איז א נארישער אבערגלויבען , קיין עין-הרע איז גאר ניטדא , נור פראסטע מענשען גלויבען אין דעם אונ האלטען פאר מכשפים אדער בעל מופתים , דיא , וועלכע זעהען אויס עפעס אנדערש וויא זייא , אונ מיינען אז יענע ווייסען קלאמפערשט אזוינע סתרי-תורה .

אין אמעריקא אין דיא זיד (דרום) וואלדער איהרע , וואנדערן ארום אסך ווילדע שבטים וואס לעבען נור פון פאליעוואנע , איינע פון זייא דיא באטאקודען (Ботокуды) , זענען זעהר ניט קיין ביינע מענשען , פון ברוד קומען זייא אויס שווארצער וויא זייער אמת'ר שווארצער קאליר איז .

זייער געזיכט איז עהנליך צו דיא עסקימאסען , זייער ציערונג קומט ביי א אונז אין דיא אויגען אויס זעהר מבראנגע , קליינע שטיקלעך האלץ שטעקן זייא אריין אין דיא אויערן אונ אין דיא אונטערשטע ליפ . דיא באטאקודען וואהנען אין זעהר געדיכטע וואלדער , אין וועלכעס איז כמעט אונמעגליך דורך קריכען צווישען דיא ביימער . דארט איז זעהר הייס אונ דיא ווילדע געהען ענטוועדער בלויז נאקעט אדער גארטלען זיך ארום מיט א שמאלען גארטל . דיא היזלעך זייערע העדען געמאכט פון צווייגען אונ זענען לאנג אדער רונד , זייא שפייזען זיך מיט דעם וואס זייא שיסען ווילדפרעט מיט א בויגען , ווען זייא קענען ניט שיסען קיין טהירען תאפען זייא אונ קלויבען אויף פון דער ערד אללעס וואס קומט זייא נור אין האנד אריין . דער איינצעלנער מין וואס זייא עסען ניט , איז : שלאנגען . דיא גרויסע ביימער זענען זא באוואקסען אז עס איז אונמעגליך דורך קריכען צווישען דיא געדיכטעניש . אט דער וואלד מאכט אז דער מענש קען פון קיין זאך ניט וויסען , דען מען קען דארט ניט פאשען קיין פיה אונ ניט אקער'ן דיא ערד .

דאס קען מען שוין ניט זאגען וועגען קאליפארניע , א קאנט וואס ליגט אין מיט אמעריקא אונ אין וועסט (מערב) ברעג איהרען .

דאס איז א קאנט וואס האט פיעל וואלד, פיעל וואססער אונ דיא ערד איז פרוכטיג. ביי דיא ברעגעס פון דיא טייכען וואקסען דיא גרויסע דובען (אזוי הייסען דיא גרויסע בוימער איבערז), אונ באוויל האלץ (хлопчато бумажное дерово), וואס ווערט פון דעם געמאכט לייווינד. דיא גאנצע סחורה וואס ווערט אויסגעארבעט אין לאדז אונ אין ביאליסטאק איז נור פון דיא באוויל האלץ. איבערז.). עס געפינט זיך דארט גרויסע וויזען וועלכע האלטען עטליכע טויזענד דעסאטין דיא לאנג אונ זענען באדעקט מיט ווילדען האבער (פון זיך זעלבסט געוואקסענס. איבערז.). דיא טייכען זענען דארט פול מיט פיש, וויא לאקסען אונ פארעלען; אין דיא קליינע וועלדער געפינט זיך הירשען אונ ווילדע ציגען. מיט איין ווארט, עס איז א ארץ זבת חלב ודבש, עס איז דא פון פאגעל מילך, פון דעסטוועגען לעבען דיא ווילדע איינוואהנער פון קאליפארניע ניט בעססער וויא דיא באטאקודען, געהען כמעט נאקיט, וואהנען אין פאלאטקעס, ארבייטען ניט דיא ערד, האבען ניט קיין ליארקעס אונ האבען שפייז קיים אויף ערנאהרען זיך. איבערהויפט איז דאס ריכטיג וועגען דיא איינוואהנער פון באטאקודען מיט קאליפארניע, וויא בראזשען ארום, קליינע קאמפאניעס זייז דאס רוב בלויז נאקיט, נור ווינטער צייט ווארפען זייא ארויף אויף דיא פליצעס א פעל פון א הירש אדער פון א אנדער חיה. פרויען טראגען אפילו זוממער פון פארנט אונ פון הינטען ביז דיא קניע פארטוכער פון לאנגע טרוקענע גראז. זוממער איז דערהויפט זארג פון קאליפארנישען אינדייען [1] געפינען א ארט א וואו זיך פערבאהאלטען פיר דיא היטץ פון דיא ברענענדע זאנגע, ווינטער בעשטעהט זייערע וואהנונגען אין א גרוב באדעקט מיט צווייגען, וועלכע ווערען אריינגעשטעלט ארום גרוב אונ דיא אויבערשטע עקקען בינדט מען אויף צוזאממען, קומט דיא גרוב אויס פארדעקט, דיא לאבער ווערען פארשטאפט מיט קארע אונ פון אויבען ווערט אנגעלייגט מיט ערד אדער מיט לעהם, דיא הייזליך ווערען אמאל געמאכט גרויסע פיר עטליכע פאמיליעס צוזאממען.

---

[1]) אללע אמעריקאנישע ווילדע הייסען אויך אינדייצעס, וויל קאלאמבוס האט פון אנפאנג געמיינט אויף אמעריקא אז עס איז אינדיא, אונ האט זייא גערופען אינדייצעס. איבערזעצער.

דיא קאליפארנישע אינדייצעס זענען זא פויל אז זייא האבען אפילו זיך ניט איינגעאיבט אין פאליעוואניע, זייא קענען למשל ניט מאכען קיין האפ־קעסטיל אונ נאך אזוינע זאכען וואס פארערינגערן דיא פאליעוואניע. ווען זייא גיהען אין פאליעוואניע אויף א הירש טהוט זיך איינער אן אין א פעל מיט א קאפ מיט הארנער פון א הירש, גנב'ט זיך אריין אין א סטאדע אונ מיט פלוצלונג א שאס אוים פון א באגען, מיט דיא באגענם הרג'נען זייא זייעס אונ קליינע פאגעל. זייא עססען אללע קריכענדע בעשעפעניששען אויסער גיפטיגע נור דיא הויפט שפייז זייערע איז: וושאלאנדעס, וואראלען, קערנער פון גראזען אונ זאגרעס. דיא וושאלאנדעס ווערען געטריקענט אויף דיא זונן נאכהער געמאהלען אויף מעהל, פון דיא מעהל ווערט געבאקען אזא גראבער סארט ברויט וועלכען זייא עססען מיט גראז אדער מיט זאגרעס.

וואססער וויילדפרעס אונ פיש, האפען זייא מיט נעטצען וועלכע ווערען אויסגעשפרייט פון איין עק ברעג ביז צום צווייטען. דיא פיש שטאבען זייא אמאל שטעהענדיג אויפ'ן ברעג, דען קיין ליאדקעס איז ביא זייא ניטא, דעם מייך שווימען זייא איבער אויף אזא פלאט וועלכער איז געמאכט פון טראסטניק.

אזויא לעבען דיא מיט קאליפארנישע אינדייצעס. דיא שבנים זייערע (למשל אין נארד קאליפארניע) לעבען שוין בעססער. זייא לעבען דריבער זא שלעכט, וויל זייא זענען זעהר פויל אונ זענען ניט קיין בעלי־תכליתים, זענען מארגענדיגען מאג קלעהרען זייא גאר ניט, אביא אויף היינט איז דא. דעם זעהלער זעהען מיר ביא אנדערע ווילדע אויך. אז דער מענש זאלל אנהייבען לעבען בעססער, מוז ער פריהער אויסלערנען זיך קלעהרען, דענקען, ווען ער שוין ממילא טראכטען ווענען צוקונפט אונ זעהן בעקוממען דאס וואס ער איז נור אימשטאנד צוא דערגרייכען, אבער ווען מען קלעהרט ניט ווענען דיא לאגע צוא עס דארף אזוי זיין צוא ניט, ווערט מען קיינמאל ניט ארויסקריכען פון דעם.

דער הונגער ברענגט דעם מענש צוא דעם, אז ער טוט אפ דיא גרעסטע מערדעריען:

הונגעריגע ווילדע עססען מענשען פלייש אויך, איבערהויפט

עססען זייא דיא פלייש פון זייערע געהרג'טע שונאים, נור אז זייא זעהען שטארק הונגעריג עססען זייא אמאל אייגענע מענשען אויך [1].

צוליב דעם הונגער האבען דיא ווילדע מורא עס זאלל ניט זיין קיין איבעריגע מיילער צום עססען. דריבער הרג'נען זייא דיא נייא געבארענע קינדער דאן ווען אהן זייא איז שוין אויך דא אסך. אלטע אונ שוואכע וועלכע קענען שוין ניט ארבייטען איז ענטווידער זייא טויטען זייא אדער טראגען אוועק אין א פוסטען ארט, סטראיען אויף א פאלאטקע אונ לאזען זייא דארט איבער אליין אהנע מיטלען צום לעבען. אפילו דאן ווען דיא מענשען קומען שוין אויף דיא שטופע וואס זייא לידען שוין ניט קיין הונגער, פון דעסטוועגען האבען זייא נאך אלץ מורא אונ הרג'נען אלטע אונ איבעריגע קינדער.

נור פון דעסטוועגען, אז דיא ווילדע הונגעריגע, זענען וועלכע מיר רעדען דא, קען מען ניט אנרופען שלעכטע פארקעהרטע, זענען שטילע, טרוסליווע, טוען קיינעם קיין שלעכט'ס ניט אומזיסט אונ זענען גרויסע מכניס-אורחים, זענען גרייט טהיילען זיך מיט'ן ביס'ן ווען עס קומט אדער פארבלאנדזשעט צוא זייא א מענש, אונ זענען ניט אזוי נארריש וויא עס דאכט זיך. ווען זייא ווייסען נאר אז זייא וועלען פון דעם זיין זאט, ארבייטען זייא אונ מאכען אללעס ניט ערגער וויא אנדערע מענשען, הגם עס געפינט זיך ניט קיין מענשען וואס זאללען לעבען ערגער וויא דיא ווילדע הונגעריגע, פון דעסטוועגען זענען זייא אין דער נאטור בעססער וויא אסך אנדערע ווילדע אדער האלב-ווילדע, דער מענש ווערט פאדלע אונ שלעכט ניט דאן ווען ער איז ארעם, האט גאר ניט אונ פערלאנגט ניט קיין סך, נור דאן ווען ער האט שוין עטוואס אונ איהם ווילט זיך האבען נאך מעהר, ווען ער האט מנה (הונדערט) אונ וויל מאתים (צוויא הונדערט).

---

1) צו וואס דער הונגער קאן ברענגען האבען מיר געזעהן ביי דען חורבן (ווען דער בית המקדש איז חרוב געווארען), אז מוטערס האבען געגעססען דיא פלייש פון אייגענע קינדער, איבערזעצער.

## VII.

### נאסטאיאשצע יאגערס. (Настоящіе охотники)

די הונגעריגע ווילדע וועלפע מיר האבען דא בעשריבען, קען מען אנרופען: „יאגערס בעל-פרדים" (מיט נויט). ווען עס איז נור מעגליך פאנגען זייא אן פארפיהרען היימישע פיה און בעארבייטען די ערד. עס געפינט זיך אבער זאלכע ווילדע, וועלכע ווענען זא געוואהנט געווארען צום בראדיאטשען לעבען, אז זייא ביטען איהם באין אופן ניט איבער אויף קיין שום אנדער לעבען. דאס קען מען זאגען אויף דיא בושמענעס (Бушмены), וועלכע לעבען אין זיד אפריקא. דיא בושמענעס זענען קליין געוואוקסענע מיט דינע האנד, דינע פיס און א ארויס געהאנגענעם בויך, זייא הויט זייערע איז גראב און טרוקען. זייא שמירען דעם קערפער מיט פעטס, צו וועלכע עס קלעבט זיך צוא דער שטויב און דיא זאמד אין וועלכע זייא וואלגערן זיך, אויף דעם שמירען זייא נאך אמאל און וואשען ניט אפ דיא פריהערדיגע, אזייא ווערט מיט דער צייט אויפ'ן קערפער א ברוד פון אויבען וויא א קארע און דער קערפער אליין זעהט זיך כמעט גאר ניט ארויס. זייא זאגען אז עס איז זייא צוליב דעם וואַרימער. דער געזיכט זייערער איז ברייט, פיער קאנטיג מיט א צופלאצשעטע נאז און סקולאסטע (ביינער), עס טרעפט ביי זייא אפט קרומע אויגען וויא ביי טאטארען, נור לעבעדיגע, פייערדיגע און רוהיגען ניט קיין רגע. דער מונד איז ברייט, דיא צאהנער גלייכע נור ביידע ציילען שפארען ארויס אויפ'ן פראנט און צוזאמען מיט דיא גלייכע שטעהענדע גרויסע אויערן זעהען זייא אויס אין געזיכט וויא א טהיר.

דיא בושמענעס געהען נאקעט. נור ביי דעם עק בויך בינדען זייא צוא א קליין פיערקאנטיג שטיקל פעל און אויפ'ן פלייצע ווארפען זייא ארויף א פעל פון א טהיר. אין דיא האאר זייערע וועלכע זענען פאבאושע אויף שעפסען וואלל, אדער ריכטיגער, אויף א ווייכע שווארצע בארשט, שטעקען זייא אריין פעדערן פאר א ציערונג. דיא בושמענעס סטראיען ניט קיין הייזער נור פארבאהאלטען זיך אין פעשצערעס (מערות, היילען) באדעקט מיט שטיינער. ווען זייא געפינען ניט קיין מערות, נאכטיגען זייא פראסט אין א גרוב. וועלכען

אמאל, אז זייא בינדען אויף צואמען צווייגען, פארשטאפען דיא לאכער מיט מאך אונ ארונטער ליגענדיג זיך אונטער דען פארהאנג, בעטען זייא אונטער בלעטער. נור ווען זייא פאללען גראדע אריין אין א ארט וואו עס געפינט זיך א סך ווילדפרעט אונ קענען דארט פארבלייבען א לאנגע צייט, שטעלען זייא שוין אריין צווייגען אין דער ערד, דעקען צוא מיט צווייגען אונ מיט פעל.

וויא געשיקט א אווסטראליעץ איז, נור א בושמען איז נאך געשיקטער. דער קלייניגקער, דארינקער אונ ריהרענדער בושמען וועט אומעדום דורכקריכען, וועט אללעס דערהערען אונ אללעס דערזעהן.

עס איז ניטא א מענש וואלל קענען אזויא פיעל איבערטראגען וויא ער. ער קען זיין גאנצע טאג אהן געגעסען אונ אהן געטרונקען. מיט זיינע געוועהר קען ער ארבייטען אנטיק. זייא שמירען אמאל דיא געוועהר מיט גיפט, דאן איז פון דיא קלענסטע ראנע ווערט דיא טהיר געטאדט. זייא נעהמען גיפט פון גיפטיגע שלאנגען אונ מישען צוא דעם צוא פון גיפטיגע געוויקסע. דער גיפט איז וועהר א געפאהרליכער.

דיא בושמענעס טראגען שטענדיג מיט, א זאק פון א פעל פון א אנבילאפע (וויא א סארט גרויסע ווילדע קאזע), א געמיץ פון אויפ- געדרייטע געוויקסע וויא א סארט ווילדע קאנאפלעס אין א פאלקע מיט א פארשארפטען שפיץ. מיט דיא פאלקע גראבט ער אויס ווארצלען, טרייבט ארויס דיא טהירען וועלכע זיצען אין דיא נארעס אונ גראבט גריבער.

דיא בושמענעס טראגען אויך מיט, וואסער אין דיא אייער פון דיא פאגעל סטראאוס (страусъ), וואס געפינט זיך אין זייער קאנט, דאס עפענונג פון דיא איי פארשטאפען זייא מיט גראז.

דיא בושמענעס זענען וועהר קינסטליכע מייסטערס אויף סטראיען פערשידענע חאפקאסטליך פיר קליינע אונ גרויסע טהירען. זייא קענען חאפען אונ הרג'נען מעהר סטראאוסען וויא דיא ווייסע מענשען (אייראפייער) וועלכע רייטען אויף פערד אונ האבען ביקסען. א דייטשען רייזענדער איז אמאל פארגעקומען זעהן וויא דיא בושמענעס חאפען ווילדפרעט, אזויא דערצאהלט ער: „עס איז כאן

געוועז זיין פערזאר וועלכע זענען געווען שטארק אויסגעדארט פון הונגער . אויסשטעלענדיג זיך אין א ריאד (צייל) ווייט איינער פון צווייטען עטך צוויא הונדערט טרים , האט קיין איינער פון זייא זיך גערעדט א ווארט , אללע האבען געשוויגען , נור ווען עס האט ווער באמערקט א שטיקל שלאר פון ווילדפערט האט ער איפגעהויבען דעם שפיז . דיא וואס זענען געשטאנען נאהענטער צוא איהם האבען איבערגעגעבען דעם וועלכען ציכען דיא רעשט און אללע האבען זיך איבערגעגעבען אויף דיא זייט אויף וועלכע עס איז געוועזן דער שלאר . אויף דער רעכטער זייט איז געפונען געווארן א שלאר פון א גרויסע אנטילאפע .

באלד האבען זיך אללע צוזאמען געקליבען און האבען גע־וויזען מיט דיא שפיזען וואהין דיא טהיר איז נאך ווייטער ענטלאפען . און צווייא דיא יונגסטע און געשיקטסטע האבען זיך איפגעקארטשעט אנגעהויבען קראכען זיך דורך דיא קוסטארניקעס קליינע ביימ־ליך פונקט וויא קאטצען און זענען זיך געשוואונדען געווארן פון אויג . איך זא שטיל און בעהוטזאם האבען זייא זיך אומגעקעהרט און איינגעפיהרט דיא אנדערע צו דעם בוים אונטער וועלכען עס איז געשטאנען א גרויסע אנטילאפע .

נאך געשיקטער איז א בישטען אין פאליעזיאנע אויף א סטראאוס . זייא נעהמען א שטיק האלץ , וואס איז אויסגעהאקט אין מיט'ן וויא א ארט זאטעל און בינדען צוא דעם צוא א פעל מיט פעדערן , א האלז און א קאפף פון א סטראאוס . דאס ליגען זייא ארויף אויף דיא פלייצעס און שמירען איט דיא פיס אזויא אז עס זאלל אויסקומען פאקאזשע אויף א סטראאוס , זייא מאכען אויך נאך פונקט דיא מינעס איהרע . דיא נאכגעמאכטע פאגעל גייט עקססטרא פריהער ארום איינע ארטער , ציהט אויס דעם קאפף גלייך וויא זיא וואלט עפעס . דא גייט זיא פאמעלעך , דא לויפט זיא ביז זיא געהט צוא נאהנט צוא דיא סטאדע . ווען דער אמת'ר סטראאוס פאלט טוידט פון שאס און דיא גאנצע סטאדע אנטלויפט פון טויטעל , לויפט דיא פאלשע פאגעל מיט זייא מיט . ער מוז זא טהון , ווייל ווען דיא סטראאוסען באמערקען דעם פאלש פיקען זייא איהם , ער מוז אומבעמערקט אוועק .

אין חיסראסט איז דער אויסטראלען עהנליך צום בושמען ,
נור אין חבאבראסט געהט איהם דער בושמען איבער , ווייל ער איז
געוואהנט אבאטען זיך (געהן אין פאליענאנגע) אויף גרויסע געפאהר-
ליכע שטהיערן . עס איז שווער געפינען א מענש וואלל קנאפער
מורא האבען פאר דעם טיידט וויא א בושמען . א קליינע קאמפאניע
בושמענס פאלען שטיאלע אן אויף א לייב . נים קיין גרויסע
רויבענדע חיות האפען ווייניגע ערוואקסענע קינדער פאר דעם
צונג . הרגענען א מענש איז ביא זיא גאר נים געקנאטשעט , זיא
האלטען א קאמפאניע ווייבער קאלאניסטען פיר אונא פאליענאנישע
ריב וויא א סטארקע ביוואלען (Буйволы) (1 . האלטען ביא זיך
פיה ווילדען וויא פאר קינדער פאהל נים . די בעסטע זאך איז ביא
וויא איהם בראדזשען בריא אהן ארבייט , אפילו הונד שטעכען וויא
אויך אונ האלטען וועקטען א הונד ביא זיך . אויף די בושמענעס
זעהט מען וויא נים דער בראדיאטשער לעבען געסט זיך איין אין
מענש אונ וויא שווער עס איז איהם אפגעוואהנען זיך פון דעם .

אין אמעריקא , אביסל ווייטער אין צפון וואנקען וויא די
קאליפארנישע אינדייצעס , לעבען קאראמבישע-אינדייצעס . ווייטער
קאנט אין צוטהיילט מיט בארג אויף צוויא טהיילען . אין איין טייל
נאהנטער צום ים וואהנען פיש-האפער , אונ אויף דעם טייל —
יאגערס . וועלכע פארנעהמען זיך נור מיט פאליענאנגע . די זענען
מיטעל געוואקסענע , מאגערע אבער שטארקע , שטארקער פאר די
אינדייצעס פיש-האפערס . איך אויפ'ן געזיכט זענען זיא שענער
פיר יענע . נור דאס געזיכט איז לאנג , דער נאז שפיטציג , די
ליפפען דינע אונ די מינע זיינע זעהט אוים פיין אדער מרה-שחורה'-
דיג . זיא טהוען זיך אן אין פלאטצען אדער קאלדרעס געמאכט
פון קארע אדער קליינע פעלכלאך . נור אם מיינסטענס טראגען זיא
העמדער פון הירשען פעל אדער פון א ווילדע קאזע . ביא די
מאנסליים איז די העמדער ביז די קניע אונ ביא די פרויען
ביז די טריט , הויזען טראגען זיא אויך פון די וועלכע פעל , זיא

(1 אזא סארט אקס , האט ליעב קויקלען זיך אין בלאטע אונ אין
וואסער , מען ארבייט מיט איהם גלייך וויא מיט א פראסטען אקס , נור זיין
פלייש עסט מען נים . אין איראפא זעהען זיא נימא . איבערז.

טראגען אויף זייבע שטיוועל אונ אמאל נאך היטלען פון פעל. דיא וואהנונגען זייערע ווערען געמאכט פון ששערדעס (ציגיינען) בארעקט מיט גראבע דאנושעס אדער מיט פעל, זיא שפייזען זיך מיט פיש, וואסער-זילדפרעט, ווארצלען אונ אייכט, עס וועגט זיך אין וואס פאר א ארט זיא וואהנען. נור פיש חאפען איז נור א ביא זאך, דער עיקר איז ביא זיא פאליעוואנע אויף גרויסע טהירען, וויא: בוויוואלען, לאססען אונ הירשען נאך וועלכע צו חאפען מוזען זיא אוועק ווייט פון וואהנונג, זיא טארבען דיא טהירען שטענדיג פון א בויגען צו גנבה'נענדיג זיך נאהנט פון דיא סטאדע, אדער פער-טרייבען זיא אין דעם ארט וואו עס ליגען שוין פארבאהאלטען יאגערס. אום נאטהען דיא טהיר לויפען דארט וואו דיא יאגערס זענען פארבאהאלטען, ציהרען זיא אן דאס גראז אדער הענגען אן אויף דיא קוסטען (קליינע בוימליך) שמאטעס פון פערשידענע קאלארען; דיא שמאטעס, דעבענען דיא ערשראקענע טהירען פאר מענשען, אונ לויפען אהין וואו דיא שמאטעס זינד ניטא, ד. ה. דארט וואו דיא יאגערס זענען פארבאהאלטען. זיא האבען אויס-געלערנט הינד געהן אין פאליעוואנע, אונ אזוי מען קען געפינען זילדע פערד חאפען זיא דיא פערד אונ פאהרען אויף זיא אין פאליעוואנע אויף בויוואלען. אז עס גערעט ניט דיא פאליעוואנע אונ ניט דיא פיש-חאפען נעהמען זיא זיך דאן צוא ווארצלען אונ יאגדעס. איבערהויפט ליעבען זיא א ווארצעל וואס האט א טעם [illegible] זעהען זיא זא ווייט זוכען זיא אויף פאליעוואנע, אזויא ליעב האבען זיא דאס. שפייז קאכען זיא מיט הייסע שטיינער אדער סמאלען אויף שפיזען, וועלכע זענען אריינגעשטעלט אין דער ערד ארום פייער.

קיין פערד איז פריהער אין אמעריקא ניט געווען, זיא זענען פארפיהרט געווארן אהין ערשט דורך דיא איראפייער, נור אויף דיא דארטיגע גוטע פאשע האבען זיא זיך זא פארמעהרט, אז יעצט קען מען געפינען גאנצע טאבונען, פארווילדעטע פערד. דיא פערד האבען דיא אינדייצעס. דארט פאהרען רייטענדיג אפילו פרויען אונ קינדער; קינדער פאנגט מען אן לערנען רייטען גלייך ווי זיא אנהייבען אן געהן. דיא אינדייצעס באנוטצען זיך מיט דיא פערד צום

פאהרען, אבער פארנעהמען זיך ניט מיט הארעווען וואלגעס, אונ בענוטצען זיך ניט מיט זייער מילך אונ פלייש.

זייער לעבען האט זיך אין פיעל הינזיכטען פאראנדערט זינד זיא האבען באקוממען פערד, נור מען קען ניט זאגען אז ער האט זיך פארבעסערט. דיא פאליעוואגע אויף בויוואלען איז געווארן גרינגער, דערפאר אבער זענען זיא געווארן ניט קיין בעלי תכליתים אונ פארזארגען ניט אויף דיא שלעכטע צייט, זא אז דיא מאס ליידונגען איז אין כולל ניט קלענער געווארן, דאס וואס זיא ברויכען איינשטעלען זיך אין סכנות אין פאליעוואגע אונ אויף מלחמות, מאכט זיא פאר הראברע אונ שטאלציגע, זיא זענען פיעל חראברער אונ שטאלציגער פאר דיא אינדייצעס, וואס פארנעהמען זיך מיט פיש-חאפען.

דיא ריזענדער לויבען זיא פאר זייער גוטסקייט אונ מכניס-אורחקייט. איניגע שבטים זייערע שטאלציהען מיט דעם, וואס זיא האבען קיינמאל ניט פארגאסען קיין בלוט פון א ווייסען מענשען (אייראפייער). פון דיא בישסענעס אונ קאלאמבישע אינדייצעס קענען מיר זעהן וואס דער יאגערשער לעבען מאכט פון מענש, זיא לערנט איהם אויך נור בראדזשען אונ לאזט ניט געוואהנט ווערען צוא א ארדענונגען אונ גאספאדארסקען לעבען, דערפאר מאכט זיא איהם פאר א געשיקטען, חראברען אונ שטאלציגען, וועלכער האט ניט קיין מורא ניט פאר שלעכטע מענשען אונ ניט פאר רויבעגדע חיות.

VIII.

## ראזבאיניקעס.

אין אמעריקא, אויף דיא ברייטע וויסטעס אידרע אונ אין דיא פוסטינעס, לעבען נאך אסך יאגערס וועלכע בענוטצען זיך שוין מיט פערד. נור ניט אללע זענען אזעלכע גוטע אונ בעל רחמנים אויף מענשען וויא דיא קאלאמבישע אינדייצעס. אט דיא אפאטשען, ווען זיא זענען הונגעריג, ראבעווען זיא וועהמען זיא קענען נור. דארט אין זייער ברייטען, גרויסען קאנט געפינט זיך גרויסע בארג. אויף וועלכע ווינטער איז שטארק קאלט. דארט איז דא פיעל וואלדער

וואו עס באהאלטען זיך מענשען אונ טהירען. צעהן מאנאטהען אין יאהר איז היים, נור אין דיא הייסטע צייט איז קאלטע נאכט. דארט בלאזען שטארקע ווינדען וועלכע מאכען אן א שרעקליך עססענדען פול וואס איז שעדליך פאר דיא איגען אונ פאר'ן אטהעם. צווייא וואכען אין אפריל אונ זעקס וואכען אין אקטיאבער אונ נאיאבר גיסט א שרעקליכער רעגען וויא א מבול, נור באלד נאך דעם פאנגט אן דיא ערד גרינען אונ בליהען. דאן באווייזען זיך פון דיא ראווניגעס (גלייכע ערד, וועלכע האבען ניט קיין בארג. איבערז.), בויוואלען, אנטילאפעס, אונ הירשען; נאך זייא גנבה'נען זיך אריין, בערען, וואלף אונ ווילדע מענשען–אפאטשען.

דיא סאמע ווילדסטע פון זייא, וועלכע שפייזען זיך נור מיט פלייש אליין, וועגען ניט שאן; דאס מאגערע געזיכט איז ברייט, אהן א בארד, א צופלאטשעטע נאז, א גרויסען מויל, דינגע ליפען אונ א גראבע הויט אויפ'ן גאנצען קערפער. אויף דיא פיס טראגען זייא א זא סארט זאקען פון פעל, אין דיא הייסע צייט בינדען זייא נור צוא, צוא דיא ביארדעס א שטיקל שמאטע אדער א פעל פון א קליינע טהירקע, אונ דיא פרויען טראגען א יובקע פון קארע. אין דיא קאלטע צייט אונ ווען זייא זענען אין וועג טראגען זייא העמדער פון הירשען פעל. זייא זענען באדעקט מיט שמוטציג פונקט וויא מיט נאך א הויט, עס איז זעלטען זייא זאללען זיך אמאל באדען. זייערע הייזלעך ווערען געמאכט פון צווייגען אונ בלאטער באדעקט מיט פעל אדער מיט גראז. אין דיא קאלטע צייט פארבאהאלטען זייא זיך אין פעשצערעס אונ מאכען דארט א גרויס פייער. נור ליעבער וויא אלץ איז ביי זייא: זיין אויפ'ן פרייען לופט אונ ארום־רייזען פון איין ארט אויפ'ן צווייטען. ווען עס חאפט זייא אן אין וועג א קאלטע נאכט אדער עס מאכט זיך פלוצלונג א וויבער (א שטארקער ווינט. איבערז.), באהאלטען זייא זיך אין א גרוב, ווען עס איז קיין גרוב ניטא גראבען זייא עקסטרא אזוינס אויס אונ שלאפען דארט צוגע־דעקט מיט צווייגען.

דעם אפאטש קומט אויס שפייזען זיך מיט דעם וואס פאלט איהם נור אין האנד אריין. ער ווארט געדולדיג אויס דיא ווילדפרעט פארבאהאלטענדיג זיך אונטער דיא קוסטארניקעס צוגעדעקט מיט

גראז, זא אז מען קען פון דער ווייטענס מיינען עס איז א בארגל; אדער ער וויקעלט זיך איין אין א פעל איינגעפאטשקעט מיט זאמד און זעהט אויס וויא א שטיין. נור אפילו דיא חיטראסטע העלפט איהם אויך ניט, דען דיא בויזואלען, לאססען און הירשען פאללען זעלטען צוא איהם אריין און עס קומט איהם אויס קארמענען זיך מיט קליינע טהירכען, וויא קראליקעס און זייזאקעס (בעלקעס); אפילו מיט שלאנגען און זארים בראקירען זייא אויך ניט. ווען זייא האבען אסך עססענוואַרג עססען זייא זיך זאט אן, אז קוים דער בויך ווערט זייא ניט צושפאלטען; נור דאס טרעפט זעלטען, גיכער טרעפט אז זייא הונגערן.

פריהלינג איז בייא זייא א קורצע צייט און דער זומער איז זעהר א הייסער, זא אז דיא גראז ווערט פארברענט; דאן געהען דיא גרויסע גראז-עססענדע טהירען אוועק פון דארט.

א אפאטש קען זעהר פארטראגען הונגער, סיידען אז דער הונגער איז שוין אויף דיא לעצטע מדרגה נעהמען זייא זיך זוכען שפייז דורך גזלה און רציחה.

צוא דרייא צוא פיער נור ניט מעהר וויא צוועלף פערזאהן יאגען זייא זיך אויף זייערע פערד אין דיא סטעפעס, זא וויא אללע ווילדע יאגערס, שפרינגען זייא אויך געשיקט אראפ פון פערד, קוים זייא דערזעהען נור עטוואס וואס מען קאן נור עססען: א יאשטשערצע, א קונעטשיקל אדער א קליין פאגעל. קוים דערזעהען זייא א הייזיל שטעהענדיג דארט אין א זייט אדער רייזענדער פאלען זייא באלד אן; דיא זכרים הרג'נען זייא, און דיא נקבות מיט דיא קינדער נעהמען זייא מיט לעבעדיגערהייד. אום נעהמען פאר זייא פדיון שבוים (אויסלייז געלד). נור דאס ערשטע זעהען זייא אריינ-חאפען דיא פערד, דיא אייזלען און פארטרייבען זייא צוא זיך. ווען דיא אפאטשעס יאגען זיך וועט זייא קיינער באין אופן ניט דער-יאגען. דיא טהירע וועלכע זייא טרייבען בלייבען אהן כחות און פאללען אמאל אויפן ארט טויט. בייא דיא אפאטשעס איז דיא הייפט פרנסה ראבעווען און לא די זייא שאמען זיך ניט, יחסנען זייא זיך נאך נאר מיט דעם. ווען זייא קומען אהיים מיט ליידיגע האנד, מאכט מען פון זייא חוזק, דיא פרויען ווילען אפילו ניט

רעדען מיט זייא, אונ זא לאנג ערווייטערט זיך יעדער פון זייא ביז זייא זענען מכבד דעם מתא מיט א גרויסען גראביאוש.

דיא אפאטשעס זענען זעהר גרויסע אכזרים אונ מוטשען שטארק דיא פלעניקעס, נור זייא אליין קענען אויך פארטראגען דיא גרעסטע מוטשענעס. ביי אזא סארט לעבען איז דיא קינדער שווער דערהאדעווען זיך, דריבער זענען דיא אפאטשעס ווינציג דא.

זא וויא ביי אללע אינדייצעס, איז ביי זייא אויך דא א עלטסטער, וועלכער ניט אכטונג אויפן ארדענונג צווישען זייא גופא, נור אויה גראביאושען אונ אויף מלחמות מיט אנדערע שבטים ווערט אויסגעקליבען עקסטרא בעזונדערע בעאמטע. אפאטשען איז א מרה־שחורה'דיגער נארד, אפילו דיא שמחות זייערע איז אויך עפעס שלאפערדיג.

איינלעבען זיך מיט דיא ווייסע מענשען, אייראפייער, איז זייא געווען שווער. בילדען דיא אפאטשעס האט זיך אויסגעלאזט איז אונ־מעגליך. זייא האבען ניט געוואלט שיידען זיך מיט זייערע געוואהנהייטען. אמת, דיא ווייסע מענשען האבען ניט אזוי שטארק געזארגט וועגען דעם, נור זייא האבען בעססער געסטארעט זיך פטור ווערען פון זייא. דיא ווייסע זענען געגאנגען אין פאליעוואנע אויף אפאטשען, גלייך וויא אויף וואלף. דריבער זענען זייא אנטלאפען וויים אריין אין דיא בערג, וואו עס קומט זייא אוים שטארבען פון הונגער. זייא ווערען וואס אמאל קנאפער; מיט צעהן יאהר צוריק האבען זייא זיך געצעהלט צווייא טויזענד אונ יעצט איז דא ניט מיין וויא פינף הונדערט. מען ראטעט זייא אויס גאר אהן רחמנות, מען הרג'עט אונ מען פארסמט מיט סטריכנין (אזא סם).

אין אמעריקא האט זיך פיעל איבערגעביטען זינט דער אייראפייער איז אהין אנגעקומען: פיעל וואלדער איז אויסגעהאקט געווארן, גרויסע פוסטע ערטער איז געווארן פארזייעט; אויף דיא וויזעס אונ דיא סטעפעס פאשען זיך פיעל פיה, איבערהויפט זעהר פיעל שעפסען, אט דיא סטאדעס ווערען וואס אמאל מעהר אונ דיא רויטע יאגערס וואס אמאל קנאפער.

* *
*

פון דעם אלעס וואס מיר האבען בעשריבען ווייסען מיר דיא פריטשינעס פאר וואס לעבען דיא ווילדע אזא לעבען. אייניגע לעבען אזויא, ווייל זייא האבען קיין אנדער מיטעל ניט געהאט ווי: ארום־בראדזשען און אויפקלויבען אללעס וואס איז נור מעגליך צוא עסען. אט, דיא אווסטראליצעס, קיין פיה האבען זייא אוואו צוא נעהמען און בעארבייטען דיא ערד זענען זייא, זעהט אויס, ניט אימשטאנדע געוועזען, ענטוועדער ווייל דארט איז זא טרוקען אז וואססער מוז מען זוכען צווייא סאזשען טיף אין דער ערד, אדער פשוט זייא האבען ניט געהאט קיין שכל אויף דעם.

הגם וואס איז שייך צוא פאליעוואניע זענען זייא ניט נארישער ווי אנדערע, דען זייא האבען דערקלעהרט אזעלכע מיטלען, וועלכע בייא אנדערע איז ניטא, נור ניט אללעס קען דער מענש אליין דער־קלעהרען. מכל מלמדי השכלתי, יעדער נאראד מוז וואס איז איבער־נעהמען פון א פרעמדען נאראד. שכנים בייא וועלכע זייא וואללען קענען איבערנעהמען עטוואס נוטציגע וויססענשאפט איז בייא דיא אווסטראליצעס ניט געוועזען. אויף זייער אינזעל האבען זייא נור אליין געוואהנט און אוועקלאזען זיך ווייט, האבען זייא מורא געהאט איינשטעלען פאהרען אויפן ים מיט זייערע שוואכע ליאדקעס.

ניט בעסער פאר דיא אווסטראליצעס לעבען דיא אירולען און קורומבען, זייא האבען אמאל געלעבט בעסער ווי יעצט און זענען ניט מיט זייער איינגענעם רצון אריינגעפאללען אין א בלאטע אוואו מען קען ניט פארפיהרען א חאזיאסטווא. זייא האבען שוין אפילו יאה פון וועמען צוא אויסלערנען זיך, אי ערד־ארבייט אי פיה־האדעווען, נור דיא שכנים זייערע ווילען זייא ניט העלפען, דען דער פראסטער געוועהנליכער מענש, שאצט יעדער זאך נאך דעם אויסענווייניגען קוק, און ווייל דער ווילדער איז זעהר פאר־בראדזשעט קוממען זייא אויס בייא זייא אין דיא אויגען פראטיוונע אין אללעס און מיינען דריבער אז זייא האבען ניט דיא רעכט (פראווע) וואס אללע מענשען. אויסער דעם דיא ווילדע אליין האבען ניט אזא גרויסען חשק אויף לערנען זיך און זענען ניט גע־וואהנט ארבייטען אזא ארבייט וואס דיא נוטץ פון דעם זעהט מען ניט באלד ארויס. אט, אז זייא זענען הונגעריג זוכען זייא עססענווארג

אונ עססען וואס זייא געפינען, אבער ווען זייא זענען זאט ליגען זייא אונ שלאפען. דריבער ווייל זייא זענען זא פויל, זאסטאווען (נאמהען) דיא מאנסליים דיא פרויען, וועלכע זענען שוואכער פאר זייא, ארבייטען פאר זייערט וועגען אונ בענעהען זיך נאך צוא דעם מיט זייא זעהר מארדערליך, לאזען זייא ניט אויפהייבען דעם קאפף, זא אז דיא פרויען ארבייטען נעבאך שטענדיג אונ דיא מאנסליים וועלכע פאשען זיך פון זייער ארבייט, זענען נאך אויף זייא בעלי-בתים.

זארגען וועגען א תכלית אויף שפעטער אונ אנגרייטען א זאפאס אויף דיא שלעכטע צייט. מוז מען ערשטענס האבען אויף דעם שכל, צווייטענס ברויכט זיין גוטע אומשטאנדען: עס זאלל זיין אמאל מעהר וויפיעל מען ברויך אונ עס זאלל קענען ליגען ניט קאליע ווערען. דריבער ליידען פיעל ווילדע הונגער פון דעם וואס פעהלט זייא איינע פון דיא צווייא זאכען. צוליב פוילקייט ליידען פיעל מאל הונגער דיא קאליפארנישע אינדייצעס, ביא וועלכע עס איז ווארעם, עס איז דא גענוג וואססער אונ דיא ערד איז א פרוכטיגע. אין דעם קאן מען שוין ניט אזויא באשולדיגען דיא באטאקודען ווילדע, עס איז שווער א עצה געבען זיך מיט'ן וואלד וואס ניט זייא קיין ליידיג פלאץ אויף קענען זייען. פון דעסטוועגען ליידען דיא באטאקודען פיעל הונגער ווי דיא קאליפארנישע אינדייצעס פראבירען אמאל זייען, אריינזעטצען אין דער ערד פערשידענע געוויקסע. ביא זייא איז דא שכנים, וועלכע האבען אמאל אויך געלעבט אזא שלעכט לעבען אונ יעצט האבען זייא אנגעפאנגען פארנעהמען זיך מיט ערד ארבייט אונ לעבען שוין פיעל בעססער פאר זייא.

דער מענש ווערט צוא אלעס געוואהנט אונ אין יעדען פארט לעבען געפינט ער עטוואס גוטעס. דער וואנדראוונער ווילדער הגם ער ליידט הונגער, דערפאר אבער איז ער פרייא, האט קיין אנדער זארג, ווי אויסזוכען א מהירבען (א קליינע חיה) אדער א הויפען ווארצלען אונ ווען ער האט דאס איז ער א שמח בחלקו. פערלאנגט שוין מיין נאר ניט אונ אויף דעם מאמער וועט איהם מארגען פעהלען דאגה'ט ער ניט. גלאט דיא פאליעוואניע אליין געפעלט איהם: אויס-קלערעווען דיא ווילדפרעט, איבערכיטרעווען, חאפען אדער הרג'נען אם פון דיא ארבייט אליין האט דער ווילדער הנאה. דריבער,

איינינע נאראדען. ווי למשל, די בושמענעס ווילען פאר קיינעס פאלל ניט אוועקווארפען דעם בראדיאדזשען לעבען.

מיט וואס שטארקערע טהירען דעם מענש קומט אויס זיך שלאגען איז ער אלץ שטיאלער. באן אויסטראליעץ קען ניט זיין קיין סך חראבראסט, ווייל באַרען זיך מיט די דוואוטראבקע אדער מיט די עהמו איז ניט אזוי שווער. אבער ביי די בושמענעס איז שוין גאר עפעס אנדערש: ער מוז זיין אין פאליעוואניע אויף א העלפאנד, אויף א בויוואל און טרעפען זיך אמאל מיט א לייב אויך. דער בושמען מוז ניט מורא האבען פאר טויט דען ווען ער זאלל זיך ניט איינשטעללען אין סכנות וואלט ער ניט געקענט עקסיסטירען אויף דער וועלט. ער מוז זיין גרייט ווען ער געהט אוועק אין וועג, אז ער וועט זיך שוין פון דעם וועג ניט אומקעהרען. דריבער איז ביי איהם זיין איינען לעבען און דער לעבען פון פרעמדע גאר ניט גע-זאכטעט. פון איהם קען מען ניט פערלאנגען ער זאלל זיין א כובש את יצרו, ער זאלל זיך איינהאלטען ניט ריהרען קיין פרעמדס; אזא מענש וועט ניט ליידען קיין הונגער, ווען ער זעהט פאר די אויגען דעם שכנ'ס סבארע. צווישען זיך איז ביי זיי דא א ארדענונג: פון איינינע פאמיליעס ווערט א שבט און יעדער שבט האט זיין בעשטימט ארט אויף פאליעוואניע, און זייער איינענעם שבט העלפען זיי איינער דעם אנדערן און נעהמען זיך אן איינער פאר'ן צווייטען. נור פרעמדע מענשען רעכענען זיי פאר שונאים ביי וועלכע מען מעג אללעס אוועק-נעהמען; פרעמדע פיה איז ביי זיי אללעס איינס וואס ווילדע טהירען, אויף זיי מעג מען אויך מאכען פאליעוואניע און הרג'נען; פון דעסט-וועגען אויף אבענטשען, הגם זיי זענען שטיאלע— פאללען די בושמענעס זעלטען אן, נור די אפאטשעס זענען אמת'ע גזלנים. מיט ערד ארבייט און פיה פאשען ווילען זיי זיך ניט פארנעהמען, נור וואנדערן ארום פון איין ארט אויפ'ן צווייטען און ווען זיי האבען ניט וואס צו עססען ראבירען זיי און הרג'נען אויך.

עס פארשטעהט זיך אז דער מענש קען נור ביז דאן פיהרען א בראדיאטשען לעבען כל זמן די אללע שכנים ארום לעבען אויך אזוי. אבער ווי באלד די שכנים נעהמען זיך צו האזאיסטווא, פאנגען אן זייען תבואה אדער האדעווען פיה, ווערט זיי דער ווילדער

יאנגער ... נעפאהרליך. דען פון הונגער ווערט ער דאך נים זאלעווען קי... ...ע ארבייט, דריבער סטארען זיך דיא נים ווילדע פאר־טרייבען דיא ווילדע ווייט פון זייא. דעם ווילדען יאנגער איז שווער איינלעבען זיך מיט שטילע מענשען, פריהער, שפעטער זייא טרייבע אדער ראטען איהם או... ...ען ער איז נאך שטיל מהוט קיינעם קיין שאדען, לאזט מען איהם צ...ה, איז אויך נור דאן או דיא ערד אויף וועלכע ער אכאטעט זיך (גען ... אויף פאליעוואניע) ברויך קיינער נים.

ווען ער שטערט אבער וועקען ארבייטען, איז שוין זיין בלוט הפקר.

ווען עס פרעסלעדעווען אונ דריקען איהם אזעלכע שכנים וואס זענען נים פיעל קליגער פאר איהם. איז דאס נאר פארשטענדליך: זייא פארהיטען זייער גוטס אונ היטען זיך פון הונגער, אבער ווען דאס טהוען געבילדעטע מענשען — איז א גרויסע עבירה פארגיסען בלוט פון א ווילדען מענשען אפילו דאן ווען ער שטערט זייא עפעס. זייא דארפען געדענקען אז דער ווילדער איז אויך באשאפען געוואָרן בצלם אלהים אונ איז אזא מענש ווי זייא; איהם פעהלט נור: אמונה והשכלה (רעליגיאן אונ בילדונג). נור דאס נעהמט מען נים מיט חיל, נים מיט כח נור מיט'ן גייסט. מען דארף זייא לעהרנען: נים בענוטצען זיך מיט פרעמדע ארבייט. זייער חוב אלס געבילדעטע מענשען איז מיט זייער איינענעם פיהרונג אונ מדות געבען א ביישפיעל זייא זאללען קענען פון זייא אראפ נעהמען א מוסר: ליעב האבען ארבייט אונ נים פערלאנגען יענעמס. צוא דעם מוזען זייא נים באנעהן זיך מיט זייא ווי שונאים נור ווי גוטע ברידער.

צום שאנדע דער מענשהייט טהוען דיא ווייסע קאלאניסטען (נים ווילדע) זעלטען אזוי. זייא איז גרינגער אויסהרגענען דיא ווילדע ווי לערנען זייא תורה, חכמה, בילדונג אונ מדות טובות. דריבער ווערען דיא ווילדע יאנגערס וואס אמאל קנאפער, זייא קענען נור האבען א קיום דארט וואו זייא זענען קיינעם נים געפאהרליך אונ אין דיא ערטער אזוי קיינער האט נאך קיין חשק נים דארט צוא וואהנען.



I

# פראספעקט

## צו א. קאטיקס אויסגאבען.

---

דעם גרעסטען טהייל פון אונזערן פאלק זיינען אללע אייראפאישע שפראכען פרעמד; ער פארשטעהט נור זשארגאן אונ נור פון דער זשארגאנישען ליטעראטור וואלט ער געקאנט שעפען א ביסעל בילדונג. אבער וואס וועט ער געפינען אין דער זשארגאנישען ליטעראטור? ביז ניט לאנג איז די גאנצע זשארגאנישע ליטעראטור געוועזען „בזוי מבוזה", ערשט אין דער לעצטער צייט האבען זיך צו איהר גענומען אזאלכע שרייבער ווי אבראמאוויטש, ראבינאוויטש (שלום עליכם) אונ נאך אנדערע שרייבער מיט טאלאנט אונ וויסענשאפט אונ האבען זי אויסגעפיינט אונ בעלעבט מיט פיעל שאנע, גוטע ביכער.

ליידער אבער האבען די גוטע שרייבער מייסטענס געשריבען נור ערצאהלונגען, שילדערונגען, בעללעטריסטיק. אונ הגם פון זיי קען דער פראסטער לעזער אויך פיעל נוטצען האבען, פיעל מאראל לערנען, אבער ניט זיך פאלקאמען ענטוויקלען. פון א „מעשה", זי מאג זיין ווי קינסטליך געשריבען, וועט דער לעזער ניט האבען קיין בעגריף פון דער גאטליכער גרויסער נאטור, אונ פון די געזעטצען וואס הערשען אונ פיהרען דאס מענשליכען לעבען. דאס קען ער נור פון דער וויססענשאפט לערנען. אונ וויססענשאפטליכע ביכער איז אין דער זשארגאנישער ליטעראטור כמעט גאר אין גאנצען ניטא.

דארום האבען מיר פארגענומען צו פרובען אויספיללען דעם גרויסען בלייז אין דער זשארגאנישען ליטעראטור, ארויסגעבען „וויססענשאפטליכע פאלקס-ביכער" אין א לייכטער שפראכע, אין א גרינגער פארשטאנדיגער פארמע, אז אפילו דער איינפאכסטער מענש זאלל זיי פארשטעהן אונ קאנען האבען פון זיי א נוטצען. אונזערע ביכער האבען מיר איינגעטהיילט אין צוויי אבטהיילען: א) נאטור-וויססענשאפט, ב) סאציאלע אדער געזעלשאפטליכע וויססענשאפט.

די נאטור-וויסענשאפטליכע אבטהיילונג וועט געבען דעם לעזער א בעגריף פון אללע ערשיינונג, וועלכע קומען פאר אין דער נאטור. די סאציאלע וויסענשאפט, איף וועלכע מיר וועלען אנווענדען אונזער בעזונדערע אויפמערקזאמקייט, וועט געבען דעם לעזער א בעגריף פון דעם מענשענס לעבען אים אללגעמיין אונ אין אללע איינצעלהייטען אין כלל אונ אין פרט.

אויסער די פאפולאר-וויססענשאפטליכע ביכער האבען מיר בדעה ארויסגעבען א סעריע ביכער פון דער „שענער" ליטעראטור, אריגינעללע אונ איבערזעצטע, אונטער דעם נאמען „בעללעטריסטיק".

צו אויספיהרען אונזער פלאן האבען מיר זיך שוין געגרייט פאר דריי יאהרען, אונ די דריי יאהר האבען אונז איבערציינגט, אז מיר געהען אויפ'ן ריכטיגען וועג, מיר האבען צוגעטראפפען דאס וואס די צייט פאדערט אונ וואס אונזער פאלק איז נאטהיג. צו האבען מיר אונזער אויפגאבע ריכטיג אונ געהעריג אויסגעפיהרט — קאן נאר דאס פובליקום אורטהיילען. פון אונזער זייט האלטען מיר פאר נאטהיג צו בעמערקען, אז כל זמן ביי אונז פעהלען די וועגען, דורך וועלכע א בוך זאל קאננען פאנאנדערגעהן מאססענוויז צווישען פאלק, קאן קיין שום ביכער־אויסגאבע ניט פאלקאממען זיין... דאס רוב פון אונזערע מוכרי־ספרים־ניקעס אינטערעסירען זיך ניט פארשפרייטען צווישען פאלק גוטע ושארגאנישע ביכער, אונ אויסער די מוכרי־ספרים־ניקעס איז קיין אנדער וועג נימא ווי צו איסברענגען א בוך. דאדורך הינקען אללע גוטע ושארגאנישע אויסגאבען, די ביכער ווערען וועניג פערקויפט, דער ארויסגעבער נעהמט ניט ארויס אפילו א קליינעם טהייל פון דעם וואס די ביכער קאסטען איהם, אונ סוף כל סוף ווערט ער מיעד אונ הערט אויף ארויסגעבען. אזאלכע בייששפיעלען האבען מיר א סך אונ ואהרשיינליך זיינען זיי יעדען גוט בעקאנט.

דאס פובליקום זעלבסט, וועניגסטענס די אינטעלליגענטערע קלאססע פון פובליקום, בעדארף זיך בעמיהען אז אזאלכע אויסגאבען זאלען קענען עקסיסטירען, זאלען קעננען ווערען גוט ארויסגעגעבען. יעדער וואס ווינשט דעם נוצען פון זיין פאלק, בעדארף זיך בעמיהען אז נוצליכע פאלקס-ביכער זאלען ווי אם מייסטען פארשפרייט ווערען צווישען פאלק.

די וואס פערלאנגען איסברענגען אונזערע ביכער לעגען מיר פאר גוטע בעדינגונגען:

1) מער עס וועט קויפען פון איין ביכעל צעהן עקזעמפלארען.

װעט בעקומען דאס על פ ט ע עקזעמפלאר אומזאנסט.

2) װער עס װעט קענען אויסברענגען מעהר ביכער, װעט בעקומען גראסערע פראצענט, ליבע מיר װעלען משוה װערען דורך א בריעף.

הערויס געבער **א. קאטיק.**

---

## עס איז ארויס פון דרוק:

1) װי האבען מענשען געלעבט מיט איינינע טויזענד יאהר צוריק. פרייז 10 ק׳, מיט פארטא 12

| | | |
|---|---|---|
| 2) ערצעהלונגען װעגען װילדע מענשען . . | 10 „ | „ „ „ |
| 3) ארבייט און קאפיטאל . . . . . . | 10 „ | „ „ „ |
| 4) װינטער אבענדען ערשטער אבענד . . | 10 „ | „ „ „ |
| 5) װעגען לופט. . . . . . . . . | 10 „ | „ „ „ |
| 6) אדם הראשון׳ס דורות, אדער די פאהיסטאריטע צייט פון מענשען. . | 20 „ | „ „ 24 |
| 7) װינטער אבענדען, צװייטער און דריטער אבענד | 17 „ | „ „ 21 |
| אללע 3 צוזאמען . . . . . . | 25 „ | „ „ 31 |

## עס איז פערטיג צום דרוקען:

### I ערשטע סעריע
### װיססענשאפטליכע פאלקס־ביכער.

**א) ערשטער אבטהייל.**

נאטורוויססענשאפטליכע־ביכער.

1) היילפערן. װעגען דער ערד, זון און די שטערן.
2) קראפאטקין. פיזיק.
3) גייקי. פיזישע געאגראפיע.
4) געאלאגיע, אדער די געשיכטע פון דער ערד, נאך גייקי און העטשינסאן.
5) פאל בער. זאאלאגיע אדער די לעהרע װעגען חיות.
6) באטאניק אדער די לעהרע װעגען די פפלאנצען און זייער לעבען.
7) לונקעוויטץ. פיזיאלאגיע.

**ב) צװייטער אבטהייל.**

סאציאלע אדער געזעלשאפטליכע װיססענשאפטען.

1) קודריאװסקי. אדם הראשון׳ס דורות, צװייטע טהייל.
2) קאראפעטשעװסקי. ערצעהלונגען װעגען װילדע מענשען. צװייטע העפט.
3) פארהיסטארישע צייט דער יוד׳ן.
4) אלגעמיינע געשיכטע דער מענשהייט: איקאנאמאוו. די געשיכטע פון מצרים.
5) דאס סאציאלע אדער געזעלשאפטליכעס לעבען ביי חיות.
6) וויא העלפען זיך מענשען אין נויט.

### II צװייטע סעריע
### בעללעטריסטיק.

1) קאראלענקא. א מעשה װעגען דעם רוסישען הערשער פראר און דעם יודישען קייזער אגריפפא.

אדרעססע פאן ארויסגעבער:

**А. Котику Варшава, Налевки 31.**